מ. גאָלבשטיין

# מיט ביקס אין האנט

לידער

אָגיז
מעלוכע־פארלאג „דער עמעס"
מאָסקווע 1947

# ווידמונג

שטרענג איז מײַנ ליד הײַנט, ווײַל שטרענג איז די וואכ,
שטעלט אפ דער וואכ זיכ מײַנ שלאכט־ליד מײַנ הייסע,
דורכגעגאנג איז זי דורכ בלוטיקער שלאכט,
אזוי ווי א שלאכטמאנ א יונגער אונ דרייסטער.

די, וועלכע ליגנ אצינד אינ טראנשייִ,
כ׳ווידמע מײַנ ליד, וואָס אינ העמדל פונ כאקי,
די, וועלכע פאלנ פארוווּנדעט אינ שנייִ
אונ הייבנ זיכ נאָכאמאָל אופ אינ אטאקע.

די, וועלכע האלטנ אצינד דעמ שטור־וואל,
די, וועלכע שפאנענ דורכ מינענ־פעלד אָפּ.
די, וועלכע שלאָגנ אפ בערג זיכ, אינ וואלד,
אפ דאָרעמ אונ מײַרעוו, אפ מיזרעכ אונ צאָפנ...

די, וועלכע שארפנ אינ פינצטער די שווערד,
לעבנ אינ וועלדער געדיכטע, געהיימע.
די, וועלכנ רײַטנ אפ היציקע פערד
אונ זינגענ א גאָלדענעמ הימנ דעמ היימלאנד.

די, וועלכע האָבנ די שטערנ דערגרייכט,
די, וועלכע גייענ אינ אָפענעמ פײַער.
די, וועלכע האָבנ אינ שלאכט אונדז באגלייט
אונ בענקענ נאָכ נאָענטע הערצער, געטרײַע.

די, וועלכע שפאנענ אינ ריזיקנ גאנג,
יעדנ פונ זיי וועט מײַנ ליד הײַנט געהערנ!
זיי הײַנט איכ ווידמע מײַנ ליד, מײַנ געזאנג,
וואָס איז געבוירנ אינ שלאכטנ אינ שווערע.

## ליד פון סאָלדאַט

ברויט כ׳האָב געגעסן שוואַרצן,
וואַסער פּ׳ין פליאגע געטרונקען,
אַפּ שטיינער געלעגן האַרטע
אין די פאַרנאַכטן די טריבע.
טאַבעק כ׳פלעג ווײַכערן גרויען,
פון שטיינער אויסשלאָגן פונקען
און רוען נאָך שלאַכטן אַפּ דויערד,
ווען טויט-מידקייט האָט מיך געטריבן...

די ווינטן — זיי פלעגן אונדז מאָנען —
אונדז, זעלנער, אין בלוטיקע העמדער,
ווי מעשענע, קאַלטע פּאַטראָנען,
די שטערן אין הימל צעשאָטן...

מיט זעלנער מיט פּאָשעטע, ווילע
אַ סעכער געטיילט אין דער פרעמד כ׳האָב,
דערפאַר ט׳ניט גענומען קיין קויל מיך,
דערפאַר איז דער טויט מיר פאַרבאָטן.

אינ קעסעלע שניי כ'פלעג צעפירנ,
צופאלנ דאָרשטיק אונ טרינקענ.
אונ אָפט, ווענ דאָס ברויט פלעגט פארפרירנ,
איכ האָב מיט א שפיז עס געבראָכנ.
אונ ווינטער אינ פראָסטיקנ צאָפנ
געהיימ פלעגט א פײַערל פינקלענ,
אפ שניי איכ פלעג ליגנ, ניט שלאָפנ,
די אויגנ צומ הימל — אונ האָרכנ...

דערפאר איצט אפ פעלד פונ מילכאָמע
מיכ שרעקט ניט קיינ קויל אונ קיינ פײַער.
געבענטשט אונ געליבט איז דײַנ נאָמענ,
מײַנ הארציקע מאמע —
דו האָסט מיכ געבוירנ אזא מינ!

גריאזי. 1943

* * *

פאַל איך צו צו דער מוטער-ערד,
צו אירע קוואַלן.
ס'איז אַפילע דעם שטערן באַשערט
צו דער מוטער-ערד פאַלן...

כ'וועל אַרומנעמען האַרציק די ערד —
ס'וועט דאַן טאָגן!
און אויפהייבן כ'וועל מײַן געווער
און זאָגן:

די ערד, וואָס געבוירט און דערנערט,
וואָס האָט גליק דיר געגעבן,
באַשיץ מיט דער ליד, מיט דער שווערד,
מיט דײַן לעבן!..

טשוגוייעוו. 1941

# דער רײַטער

דעם ליכטיקן אָנדענק פֿון
מײַן ברודער ליאָווע...

איר שטעלט זיך פֿאָר, ווי נאָך א שלאַכט
א יונגער אימפּעטפֿולער רײַטער
ליגט טויט אין הוילן פֿעלד... פֿארנאכט...
ס'דערברוענט אַן אָוונטקער שײַטער.

א ווײַטער וואָלקן בא דעם ראַנד
פֿון פֿעלד פֿון ווײַסן און פֿון שווארצן,
גלײַך ווי אַן אָדלער כון זײַן הארצן
טרינקט בלוט באַם רויטן זונפֿארגאנג...

דער רײַטער ליגט בא דעם קורגאן
און קוקט אין הימל פֿוסטן, פֿרײַען,
קיין שטראַל פֿון לעבן ניט פֿאַראַן
אין אויג באַם רײַטער באַם געטרײַען.

און אַרום אים גייט אום דאָס פערד,
צו יעדן שאָרך שפּיצט אָן דעם אויער
און רייסט מיט קאָפּיטעס די ערד,
ווי ס׳וואָלט פאַרטרויען איר זיין טרויער.

אָ, וויפל מאָל דורך רויך און גרויל
האָט עס דעם כויט דעם וועג פאַרלאָפּן!
ביז כ׳האָט דעם כוינעס שאַרפע קויל
דעם רייטער גלייך אין האַרץ געטראָפן.

ער האָט זיך לייכט געכאָן א וויג
און איז געפאַלן אָן אַן אָטעם.
איצט שטיל אין פעלד דער רייטער ליגט,
און ס׳וואַרט אַף אים דאָס פערד און זאָטל...

עס דאַכט זיך דיר, ער ליגט און הערט
און צו זיין אויער טוט איצט גרייכן,
ווי גראָזן וואַקסן פון דער ערד,
און ווי דער הימל נעמט זיך בלייכן...

א בלייענק קווייטעלע א שיינס
הייבט אוף זיך אַף דעם שפּיץ פון פינגער
און הערט זיך אויך איצט איינס אליינס
אין שטילקייט אָוונטיקער גרינגער.

א קנאָספּ געבוירן ווערט אצינד
אפ יונגן ביימעלע אפ קלענכטן,
און ווײַט קלאַפּט אומרויק • דער ווינט
אין טײַך, ווי אין אן אָוונט-פענצטער...

די שווערד, באַפּײַכט מיט בלוט, איז רויט,
ס׳איז דאָ א בייזע שלאכט פארלאָפן.
און כאָטש דער רײַנער איז שוין טויט,
מיר דוכט, זײַן הארץ צום לעבן ז׳אָפן...

וואָראָניעזש. 1942

# אָשער שווארצמאַן

אַן אײַנגעדעקטער אין שינעל
ליג איך און דרעמל
אויפן היי...
אַ ש ע ר   ש ו ו א ר צ מ א ן

קומט דער האַרבסט פון אומרויִקע ווײַטן,
בלעטער פאַלן, ווי אַ געלער שניי.
בײַ אַן אָפּגעבערנטן אָוונט-שײַטער
כ'ליג און דרימל אויף אַ סטויגל היי...

כ'דעק זיך אײַן מיט מײַן שינעל דעם שווערן,
און אַ קישן וועט מיר זײַן מײַן פויסט.
כ'זע, ווי אומרויִק עס פאַלן שטערן,
כ'הער, ווי סוידעסדיק דאָס וועלדל רוישט...

און אַרום — כאַווײַרים מײַנע מידע
נאָך דער שלאַכט איצט רוען אויפן פעלד.

איינער בלויז זינגט שטיל פאר זיך א לידל
פון א רויטן רײַטער, פון א העלד.

ווערט די ליד מיר אזוי הארציק-נאָענט,
ווי מײַן בלאנקענדיקע שארפע שווערד.
פון דער טונקל׳לער זײַט פון שטילן אָוונט
קומט דער רײַטער אפ זײַן הייסן פערד...

פלוצלינג הער איך: ס׳שאלט א האָרן,
און ער רופט אונדז צו א נײַער שלאַכט.
פאָרן מיר, און הימלען פלאַטערדיקע פאָרן
אפן שווארצן רוקן פון דער נאכט...

פלי איך אפ מײַן פערד דעם גרויען,
מײַן שינעל באשיצט מיך פון דער קעלט.
כ׳וועל דער קעלט פון הארבסט זיך הייס פארטרויען
און פארטרויען זיך דער יונגער וועלט.

און אויב פאלן כ׳וועל מיט קויל אין הארצן,
ניט אדורכגערײַט דאָס ווײַטע פעלד,
איז ווי דו, מײַן ליבער אָשער שוואַרצמאַן,
ווי א קריגער, ווי א דיכטער, ווי א העלד...

ליסקי. 1941

# פּריוואַל

ווען ס׳הילט די נאַכט אײַן טונקל אײַן דעם וואַלד,
און רויטאַרמייער רוען בײַ א שײַטער —
ווי ליב איז דער פּריוואַל
נאָך לאַנגן מאַרש, נאָך וועגן ווײַטע.

דאַן לייג איך אויך זיך צו אויף טרוקן היי,
דעם פּאַטראָנטאַש כ׳לייג אונטער זיך צוקאָפּנס,
א ווייכע נאַכט זיך שיט, ווי בלויער שניי,
נאָר כ׳קאָן ניט רוען הײַנט, איך קאָן ניט שלאָפֿן...

צי ווײַל עס כּלעמט זיך א ווײַטע שלאַכט,
ווען ערד און הימל מישן זיך צוזאַמען...
א רויטער רײַטער אויף דעם וויסטן שליאַך,
און בײַ דעם שליאַך א דערפֿעלע אין פֿלאַמען...

און עפּשער, ווײַל אין רוקזאַק ליגט דער בריוו,
וואָס צוגעשיקט ס׳האָט מיר מײַן אַלטע מאַמע.

זי שרײַבט: „מײַן קינד, אוועק ביסטו פֿון מיר,
אוועק אין ווײַט מיט יאָגנדיקע באַנען.

ווּ ביסטו איצט? כ׳זאָל קאָנען, מײַנע הענט
דיר אונטערלייגן דאָרט צוקאָפּנס,
ווען נאָך א שלאַכט וועסט רוען אין דער פֿרעמד,
עס זאָל דיר ווייכער זײַן, מײַן זון, צו שלאָפֿן"...

איך הייב זיך אויף און לייג זיך ווידער צו,
אין בלויער זומער־נאַכט — אין בלויען טאָגן.
עס ווילט זיך מיר אוועקטרײַבן די רו
און יעדן כאַוער אויפוועקן און זאָגן:

פאר גאַמעס הארצ, וואָס ברייט איז, ווי די וועלט,
קעדײַ איז שלאָגן זיך און נעכט ניט שלאָפֿן,
און רוען נאָך דער שלאַכט אין הוילן פעלד
מיט פאטראָנטאַש צוקאָפּנס...

קופּיאַנסק. 1941

# אין אויסשפּירונג

פון ביקס אַפּ וויַיסקײַט פאַלט אַ קרומער שאָטן,
איך ליג אין פעלד מיט הורבעס שניי פאַרשאָטן.
אַ שטערן שטאַרבט אין רוים און ווערט געבאָרן,
די שטילקייַט צו דעם שניי איז צוגעפּראָרן...
איך שפּיר דעם סוינע, ווי מע שפּירט אַ כיַיע,
באַם האָריזאָנט איך זע, ער ליגט פאַרטיַיעט.
די ערד איז פּראַקטיק-קאַלט, דער הימל—טונקל...

ווי נאָר אין ווייַטן טוט ערגעץ אַ פינקל,
אַזוי הייבט פיַיער אָן מיט פיַיער ריידן.
עס גיט אַ קנאַל אַ שאָס, וואָס רופט אַ צווייטן,
און ס'נעמען זשומען שוין אין פעלד דעם הוילן
ווי דולע בינען קוילן, קוילן, קוילן.

צום אויער זיך דערטראָגט אַ קלונג פון אײַזן,
כ'ליג פאַרמאַסקירט אין אַ כאַלאַט אַ וויַיסן —
אין ווינטער־פעלד מיט הורבעס שניי פאַרשאָטן.
פון ביקס אַפּ וויַיסקיַיט פאַלט אַ קרומער שאָטן...

קופּיאַנסק, 1942

# די באלאדע וועגנ דעמ בריוו

פראָכטיקע, ווינטיקע נאכט.
פעלדער — אינ שנייִקע ווײַטנ.
צומ דאָרפ מיטנ וואלדישנ שליאכ
טראָגט אפ א פערד זיכ א רײַטער.

טראָגט זיכ אונ יאָגט אינ ווײַט
קעגנ ווינט מיט צעהיצטנ לײַב.
ביזק דעמ ווײַכנ באגינ
דעמ בריוו דארפ ער ברענגענ אינ שטאב.

טראָגט זיכ מיט אימפּעט אונ פליט,
דער וויכער שנײַדט אינ די אויגנ.
אונ ס׳יאָגט זיכ לעוואָנע נאָכ אימ,
ווי א קאָרשונ זיכ יאָגט נאָכ א פויגל.

א סאָווע אינ וואלד ערגעצ שרײַט,
עס וויגנ זיכ, וויגנ זיכ ביימער.

עס צינדן זיך שטערן אין וועלט
און לעשן זיך אויס אין די רוימען...

יאָגט אָנעט א ווינט אפן שליאך,
פארשלאָגט בא דעם רײַטער דעם אָטעם.
אזוי ווי דאָס אייגענע הארץ
היט ער דעם בריוו אונטער זאָטל.

קאָן דען א פויגל אין שרעק
דערציילן א בסורע אזוינע,
אז ערגעץ אין וואלד אפן וועג
ווארט אפ זײַן לעבן דער סוינע?..

נאָר עטום איז דער וואלד און פארשנייט.
דאָס פערד יאָגט אוןווארפט אָפּ די ווערכטן.
איז דאָ דען א לענג און א ברייט
די בענקשאפט אין הארץ זײַנעם מעכטן?

דערמאָנט ער זיך איצט אין זײַן היים,
אין די ברידער, אין גרויען טאטן...
די מאמע באם אויווןן זי וויינט,
און ס'ווײַנען די ווענט אין דער כאטע.

באם שוועל ליגט צעשאָסן זײַן פרוי,
זײַן איינציקע ליבע, זײַן טרײַע,

און ס׳פלאקערט אפ כאטע די שטרוי,
זײַן היים-קאַט דערזעט ער אין פײַער.

פארקוקט ער זיך שטיל אפ דעם ליכט,
צעשטויבט איז געפאלן א שטערן.
נאָר פלוצלינג א שאָס און א הילך,
א קויל ט׳אים געטראָפן אין שטערן.

האָבן ביימער צעוויגט זיך אין שרעק,
פארוויקלט אין שנייִקן פוטער.
דאָס פערד איז אוועק און אוועק
מיטן וואלדיקן וועג צו דעם כוטאָר.

א שניי האָט פארוויקלט דעם שליאך,
פארבאהאלטן דעם פּרי אין די ווײַטן,
ווען אין שטאב-הויף דאָס פערד האָט געבראכט
דעם בריוו מיטן טויטן רײַטער...

# אין א ווינטער־נאכט

פאַרשײַט איז די נאַכט, און זי לויכט, און זי קוועלט
אונטער געלן לעוואָניקן גלאַנץ.
מיר דאַכט זיך: די הײַזער, די ביימער, די וועלט
לאָזן זיך באַלד אין א טאַנץ.

און כ'דוכט: אַף צעהווידעטע שנייען איך פֿלי,
איך ווער אַזוי לײַכט און איך זינג,
דורך שנייען איך פֿלי, ווי דורך ווײַסע פֿאַרפֿרי,
און מוט פֿון די קוואַלן איך טרינק.

נאָר כ'עפֿן די אויגן, ווי שווער איז מײַן קאָפּ,
די בענקשאַפֿט איז גרויס, ווי די וועלט...
די וויפֿלטע נאַכט, אַז מיר רוען ניט אָפּ
מיט פֿערד מײַן געטרײַען אין פֿעלד?

נאָר אײַנגעשפּאַרט גייט עס, דאָס פֿערד, אין דער נאַכט,
אַף פֿאַרפֿרוירענעם שניי קלינגען טריט...
מײַן לעבן הייבט אָן זיך באַ בלוטיקער שלאַכט,
מײַן לעבן — מײַן שלאַכטיקע ליד!

קאָראָטאָיאַק. 1941

# דורך ווינט און שניי

מיטוואָך זײַנען מיר אוועק אין אויסשפּי־
רונג. שוין פינף טעג, אַז איך זוך דעם וועג
צו מײַן טייל.
אָ, לעבן מײַנס...

(פון מײַן טאָגבוך)

## א. אין וועג

שניי, און שניי, און שניי, און שניי,
אָן א סאָף און אָן א ברעג.
איך בין איינער מיט מײַן וויי
אפ דעם ווײַס-פארשנייטן וועג.

איך בין איינער דאָ אין פעלד,
צווישן ווינט און שניי איך גיי,
און א פּײַערל איך זוך
און א קעסעלע מיט טיי.

אין א וועלכער בלינדער טיך
וועל איך אָנקלאפן באנאכט?
אונטער וועלכן בערגל שניי
וועל איך רוען נאָך דער שלאכט?

ווען ארום איז ווינט און ווינט,
און די וואָלקנס הע גען בלינד,
איך בין איצטער א סאָלדאט,
איז מיין לעבן אפן ווינט.

און צו נאכט, וואָס אזוי שווארץ,
צו דער וועלט, צו זיך אליין,
לעבט א בענקשאפט אין מיין הארץ,
ווי א פונק לעבט אין א שטיין...

## ב. א פײַערל לויכט אין דער נאַכט

א פײַערל לויכט אין דער נאַכט,
ס׳איז נאָענט. א כאַטע באַם שליאַך.
ווען מידע מיר רײַטן פון שלאַכט,
מיר דאַרפן ניט האָבן קיין סאַך!

מיר דאַרפן א ווײַלע נאָר רו
אַף טרוקענער שטרוי, אַף דער ערד.
מיר האָבן די כאַטע באַגריסט
און דרימלען געלאָזן די פערד.

אין ווינט, און אין נאַכט, און אין שניי
מיר ווילן דערהערן אצינד
א סקריפּ פון א הילצערנער טיר,
א הייזעריק בילן פון הינט.

באַגעגענען זאָל בא דער שוועל
אַן אַלטינקע פּויערטע מילד,

פארבעטן אפּ נאכטלעג אין שטוב
און שילטן דעם פּראָכט און דעם ווינט.

דערהערן א קינדערש געוויין
באם אויוון אין וויגל, וואָס הענגט
און וויגט זיך אהער און אהין.
עס ווערט אזוי ווארעם דערפון.

מיר דארפן ניט האָבן קיין סאך,
א סעכער, א קעסעלע טיי.
פארבינדן דאָס בענדל פון זיך
און ווידער אין נאכט און אין שניי...

## ג. די פרײַנטשאפט
## אין לידיקער שטוב

מיר קומען ארויף אף דער שוועל,
פארשײַט איז די טיר אין דער נאכט,
נאָר קײנער עס קומט ניט ארויס,
די לאָדנס מיט פרעגנטעס פארמאכט.

דורך דינער שפּארונע פון לאָד
אף שנײ פאלט א פאסיקל שײַן...
מיר עפענען אופעט די טיר
און גײען אין כאטע ארײַן.

ס'איז קײנער אין כאטע ניטאָ:
קײן זײדע, קײן מאַמע, קײן קינד.
בלויז אײנזאם דערברענט אף דער וואנט
א לעמפל א צאנקענדיק־גרינס.

די וועגט איך באטראכט און דעם דיל,
דאָס פענצטער, דאָס לעמפל, די שײַן.
א שווערער סנאריאד האָט די סטעליע
דורכגעלעכערט דאָ הײַנט.

פון גרויע, פארייכערטע ווענט,
מיט הילצערנע רעמלעך באצירט,
א טאטע, א מאמע, א קינד
קוקן מיט נייגיר אפ מיר.

מיין פריינט איז א־ויס פון דער שטוב,
שניי האָט ער ריינעם געבראכט,
פון דיגיינקע שפענדלעך אפ דר'ערד
א שייטער צעלייגט אין דער נאכט.

און ס'דאכט זיך — אָט-אָט פון דער וואנט,
פון הילצערנע רעמלעך פארקלערט,
מענטשן, מיר אומבאקאנטע,
וועלן אראָפגיין אפ דר'ערד,

וואַרעם אונדז דריקן די הענט,
אָן איבעריקע רייד, אָן געשריי,
זעצן מיט אונדז זיך באם פלאם,
טרינקען צעגאנגענעם שניי.

קוקן פארכידעשט אפ אונדז,
און שיינע וועט יעדנס געזיכט,
און פול וועט דאן ווערן די שטוב
מיט מענטשלעכער פריינטשאפט און ליכט.

## ד. אפ טרוקענער שטרוי

איך ליג אפ דער טרוקענער שטרוי,
א פויסט אונטער קאָפּ — און איך שווײַג.
און פּלוצלינג כ'דערהער דורך דער וואנט:
א קינד אפ א קאָל זיך צעשרײַט.

כ'דערזע, ווי א מאמע געטרײַ
בייגט אָן זיך באם וויגל, און מיד
זי קוקט אין די אויגן דעם קינד
און זינגט אזא טרוי'ריקע ליד:

„שלאָף אײַן, מײַן קינד, ס'איז צעשאָסן די רו,
א טײַבעלע פליט צו דײַן וויגעלע צו.

פון שלאַכט ס'איז געקומען צו פליִען, און צאַרט
האָט עס א גרוס פונעם טאטן געבראכט.

א גרוס, ווי ער פירט דאָרט באַטאָג און באַנאַכט
מיט ביטערן סויגע א ביטערע שלאַכט.

דאָס טײַבעלע פליט צו דײַן וויגל אַהער
און ווישט מיטן פעדערל אָפּ דיר א טרער.

שמייכלסטו, ייִנגעלע, ליכטיק און וווּיל,
שוועבט שוין א שמייכעלע איבער דײַן מויל.

דאָס טײַבעלע טוט דײַנע וויִעס א ריר,
מאַכסטו זיי צו — קומט דער שלאָף אָן צו דיר.

ווערסטו אַנשלאָפן — אַרום איז אַלץ שטום —
דאָס טײַבעלע נעמט דיך מיט פליגלען אַרום״...

איך עפן די אויגן צום ליכט,
אזוי, אָט אזוי, אָט אזוי
מײַן הילצערנעם וויגל פאַרטראַכט
מײַן מאַמע פלעגט וויגן באַנאַכט.

און איצט א סאָלדאַט אויפן שטרוי
איך ליג און איך טרוים און איך הער:
דער ווינט רײַסט די לאָדנס און שרײַט,
און ס׳וויגט ווי א וויג זיך די ערד...

## ה. צו שלאכטן נײַע

דורכגעגאַנגען כ'בין דורך ווינט און דורך שניי,
פרײַנט געטרײַער!
איך וועל קומען צו דיר דורך וויי,
דורך שלאכטן נײַע —

אין אַ גרויסן סאָלדאַטסקן עינעל,
מיט שוואַרצברויט אַ לעבל.
דער אונטערגעצונדענער וועלט
פּאַרטרויט כ'האָב מײַן לעבן.

איז מיר ליב איצט דאָס כאַקענע העמד
און די שפּיז די שאַרפע,
ווי אַ בליץ אויף אַן אַלטן דעמב,
אין שלאַכט איך וואַרף זיך!

זאָל געבענטשט זײַן די ערד, וואָס אין שלאַכט
זי האָט מוט מיר געגעבן.
און איך זינג מיט מײַן אָפענעם האַרץ
צו דער זון, צו דעם לעבן!

אונטער בעלגאָראָד. אָקטיאַבער 1941

## אוקראינע, מײַן היים!

איך געדענק, איך געדענק
יענעם פלויט יענעם לאָזעווןן,
ווו דער דניעפּ לויפט פאַרבײַ
בא דעם ברעג בא דעם גראָזענעם,
יונגע ביימער צעגרינט,
ראָזע קנאָספּעלעך טויקע,
און אין פעלד וויגט דער ווינט
קאָרנבלימעלעך בלויינקע...

ס'איז באנאכט. כ'לויף אין פעלד
דורך די סטעזשקעס פאַרלאָרענע.
ביז איך פאַל, ווי א בליץ,
אף די זאנגען די קאָרענע.
ווי א בלאט אף א בוים
נאָך די טראָכנדלעך פאַלנדע,
בענקט מײַן אומרויק הארץ
נאָך די הימלען די שטראַלנדע...

אפ די זאנגען פון ווייץ —
דינע גאָלדענע הערעלעך.
דער באַנאַכטיקער טוי,
ווי שניי־ווײַסע פּערעלעך.
פרישע טראָפּנדלעך בלוט —
רויטע ווײַנשעלעך, לויטערע.
און א וואָלקן אין הייך
הימל־שטילקײַט צעבויטעט ער.

אָט אזא פארגעדענקט כ'האָב דיך,
היים, מײַן אוקראַינע!
די פארנעפּלטע בערג,
ווי די וואָלקנס די בלײַענע,
איך געדענק, איך געדענק,
ווען מיט דיר כ'האָב געזעגנט זיך
און אוועק אפ מילכָאָמע
דעם סוינע באגעגענען.

וויפל נעכט אין געשלעג —
דײַנע זין דײַנע מוטיקע.
כ'האָב דערזען דיך, מײַן היים,
אפ דער שפּיז א צעבלוטיקטע.
דײַנע דערפער — אין פלאַם,
און די פעלדער די ווייצענע —

צעטראָטן, צעשניטן
מיט וועגן, וואָס קרייצן זיך.

עס שטאַרקט זיך די שלאַכט!
אָ, היים מײַנע, טײַערע!
ס'גייען העלדישע זין
פֿון דײַן פּײַן צו באַפֿרײַען דיך.
מיר קומען צו דיר
פֿאַרשטויבטע, פֿאַרווינטיקטע,
עס פֿרישט אָפּ אונדזער לײַב
דער דניעפּער דער שווינדיקער.

דײַנע וועגן כ'בין דורך,
אַלע וועגן, וואָס קרייצן זיך!
אינעם רוקזאַק בײַ מיר
ליגן זאַנגעלעך ווייצענע,
כ'קום צו דיר מיט דער שווערד
און מיט קוילן מיט בלײַענע,
מײַן דערוואָרבענע ערד,
מײַן געליבטע אוקראַינע!

דאָרף סאָלאָווי, 1943

## פרײַנט

(לירישע פּאָעמע)

כ'דערמאָן, מײַן פרײַנט, דעם גרויען האַרבסט
פון נײַנצן הונדערט פערציק ערשטן.
מיר טרעטן אָפּ מיט ווײ אין האַרץ
דורך הויכן ווייץ און רײַפן גערשטן,
בא יעדער בערגל, יעדער שטעג
עס גייט א בלוטיקער געשלעג!

די זון פאַרגייט באַם האָריזאָנט,
די זון פאַרגייט — זי ט'מער ניט קומען?..
די ביימער ווערן טונקל-בלאָנד,
און שווער זיך לייגט א גרויסער אומעט
אַפּ יעדן גרעזל, יעדער קווייט.
די זון פאַרגייט... די זון פאַרגייט...

אַפּ אַלע וועגן — קינד-און-קייט,
אַפּ וועגן — רויכיקע באַנאַכטן,

און ווי א פלאַם אַנטקעגן ווינט
די הערצער זעלנערשע אין שלאַכטן.
אָ, וויפל פריינט כ׳האָב דאַן געלאָזט
אַפּ האַרבסטיק־אָפּגעבערענטן גראָז!

ווער ס׳איז מיט אונדז אָט דאַן געווען —
ער וועט אַפּ אייביק, פריינט, געדענקען,
ווי פעלדער האָבן העל געברענט,
ווי נעכט, פון פייערן באַהעלטע,
געוואָרפן האָבן שטיקער שרעק
אַפּ בלוט־באַפּייכטן שטעג און וועג.

א וועג־וויזער איז אונדז געווען
א ווייטער שטערן אינעם הימל.
און ס׳האָט די פייער־נאַכט געזען,
ווי כאַפּן פלעגן מיר א דרימל
באַ גריבער אינעם הוילן סטעפּ,
צי אין די ריוון באַ דעם וועג.

כ׳האָב יעדער ביימל פאַרגעדענקט
און יעדער קוסט און יעדער שטיבל,
ווו מ׳האָט דערוואַרעמט אונדז די הענט,
געגעבן ברויט, דעם וועג באַוויזן.
און יעדער פרוי כ׳האָב פאַרגעדענקט,
וואָס פלעגט מיר אויסוואַשן א העמד.

ווי שווער געווען איז יענער הארבסט:
מיר טרעטן אָפּ, די היים — אין פײַער.
נאָר ס׳לעבט אין יעדער זעלנערש הארץ
די גרויסע האָפענונג די טרײַע:
איך וועל זיך אומקערן אהער,
בא בלוט, וואָס טריפט אין הארץ, איך שווער!

א

דערמאָן זיך, פרײַנט, אין יענעם שטיין,
וואָס איז מיט גרינעם מאָך באוואָקסן,
ווו אלע פרי דו פלעגסט אליין
באם ברונעם אָנפּויען די אָקסן
און שטיל פארטרויערט בלײַבן שטיין.
דערמאָן זיך, פרײַנט, דעם גרינעם שטיין...

ווען אין פארנאכט דו טרײַבסט די שאָף
פון פעלד אהיים אף שליאך אף ברייטן,
די ווײַטע פײַערלעך פון דאָרף,
ווי רויטע בלעטעלעך פון קווייטן,
זיי פאלן צו דער סאַמע ערד,
ווי היימלעך-ליב דער אָוונט ווערט!..

און יענער ברייטער, ווײַטער שליאך,
דער דניעפּער-טײַך, די הויכע ברעגן!

די שטילע וואָלקנדיקע נאכט,
ווען מיט מײַן קאנט כ׳האָב זיך געזעגנט.
אוקראַיִנע-היים, דו, מוטער-סטעפּ,
און דו, ניט רוענדיקער דניעפּ!

כ׳האָב אָנגעזאָטלט דאן מײַן פערד,
א ריר געטאָן מיט דינע שפּאָרן.
איך האָב ניט אָנגערירט די ערד,
אזוי האָב איך אין פרי אין קלאָרן
געלאָזט זיך אין א הייסער שלאכט
אנטקעגן פײַנט, אנטקעגן נאכט...

שוין וויפל טעג און וויפל נעכט
מיט דיר צעשיידט כ׳האָב זיך, מײַן לעבן,
נאָר אינעם בלוטיקן געפעכט
געפילט כ׳האָב שטענדיק דיך דערנעבן.
צו כאָלעם קומען פלעגסטו אָפט,
כון פעלד אהיים דו טרײַבסט די שאָף...

ווי מארמאָר-שווארץ אין זונען-שײַן
די אויגן דײַנע העליש ברענען,
דאָס העמד אף דיר פון ווײַסן לײַן,
און שטיל עס ציטערן די ברעמען.
עס אָטעמט אף דײַן ברוסט איצט גרינג
דער גאָלדענער אופגאנג פון באגינ...

אין ברייטן דניעפער־טײַך איך וואָלט
בא בלויע כוואַליעס שטיל געקליבן
די ווײַסע פערעלעך, וואָס אָנט
דערמאָנען דײַנע ציין, מײַן ליבע.
די שנייִק־ווײַסע דײַנע ציין
ווי ליליעס צארטע זײַנען שיין...

מײַן ליבער פרײַנט, איך ווייס געוויס,
נאָך שיידונג וועט א זעונג קומען,
ווי נאָך א דונער קומט א בליץ,
ווי ס'קומט א שטילשטאנד נאָך א שטורעם.
צו דיר כ'וועל קומען נאָכן קריג,
פארשטויבט פון שלאכט, באשײַנט פון זיג.

ב

אין דאָרף געגאנגען איז א שלאכט,
און צונגען פײַערן צו הייכן
געהויבן האָבן זיך אין נאכט —
א פײַערדיקער יאם א גרויסער,
דורך דראָטן שטעכיקע, דורך בלײַ
מיר האָבן עס דאָס דאָרף באפרײַט.

מיט א געהילך, מיט א געשריי
דורך גאסן טונק'לע רויטע רײַטער,

פון שווערדן בליציקע באשײַנט,
געיאָגט האָבן אַלץ ווײַטער, ווײַטער,
אַהין, אַפּ מײַרעוו, ווו דער דניעפּ,
אַהין, ווו ס'רופט אוקראַינע-סטעפּ...

דעם פיש איז גוט אין טײַך באַנאַכט,
דעם אָדלער — אינעם הימל פרײַען,
דעם רויטן רײַטער — אין דער שלאַכט,
ווײַל דו געפינסט ער נאָר אין פײַער.
זײַן מעכטיק האַרץ איז ווי אַ באַרג,
און ווי אַ בליץ זײַן שווערד איז שאַרף.

ג

דאַן זאָגסטו מיר: — דו קום אַהער,
אין אויגן דײַנע — הימל-פאַרבן.
דער שענסטער טויט אַפּ אונדזער ערד
איז פאַרן פאָטערלאַנד צו שטאַרבן.
האָסט זיך געשלאָגן, ווי אַ העלד,
מיט בלאַנקער שווערד אַפּ שלאַכטיק פעלד.

דאָס איינציק קינד פון מײַנע הענט —
ווי וועלפּ זיי האָבן אויסגעריסן
און אַפּ אַ שײַטער עס פאַרברענט,
דאָס בלאָנדע מיידעלע פעליסי.

פֿון וועלכן שטאָל דאַרף זײַן א האַרץ
צו אויסהאַלטן אַזאַ פּײַן צאַר!..

נאָר ווײַטער קום. אָט איז דער טײַך..
אַף טיפֿן אָפּגרונט וועסט דערזען:
מײַן שוועסטער ליגט, אַף האַלדז — א שטיין.
מיר דאַכט: איך הער נאָך די געשרייען,
פֿון טיפֿן אָפּגרונט קומען זיי —
די שווערע קרעכצן, דאָס געשריי.

אָט דאָ ניט ווײַט, אין אַלטן וואַלד,
ווי ס'קלינגען פֿויגלשע געזאַנגען,
מ'האָט יונגע פּאַרטיזאַנער דרײַ
אַף אַלטע דעמבעס אויפֿגעהאַנגען,
דאָרט צווישן זיי מײַן ברודער הענגט,
זײַן טויט געזיכט כ'האָב פֿאַרגעדענקט.

נאָר ווײַטער קום. א בוים דאָ שטייט,
בײַ אָט דעם בוים די בייזע ראָבן —
מײַן פֿאָטער לעבעדיקערהייט
זיי האָבן אין דער ערד באַגראָבן.
ווי דרייסט צום טויט איז ער געגאַן,
דער גיבער־העלד — דער פּאַרטיזאַן!

איצט וואַקסט א שיינע רויטע בלום
אַף קייווער זײַנעם אַף דעם שוואַרצן,

גלײַך ווי זי וואַלט, די רויטע בלום,
אַרויסגעוואַקסן פון זײַן האַרצן,
און שיקט א גרוס דער זון, דער וועלט,
דעם דניעפּער-טײַך, דעם שטילן פעלד...

מע דאַרף ניט, טײַערע, ניט וויינ,
וויש אָפּ די טרער — דעם דימענט רייגעם,
פאַראַן א האַס, דו ווייסט אַליין,
וואָס דרויבן קאָן אַפילע שטיינער!
מיר טראָגן אים, דעם האַס, אין זיך,
ס׳וועט פרײַהײַט זײַן, און זײַן וועט ליכט!..

דו ווייס, מײַן פרײַנט, א בוים עס פאַלט,
א גאַנצער וואַלד פאַלט אין באַגינען;
אַן אָנגעהאַקטער יונגער וואַלד
וואַקסט אויס צוריק און הייבט אָן גרינען.
און מיר — מיר זײַנען ווי דער וואַלד,
זײַן געוויינע לעבט אין אונדז און שטראַלט.

ד

מײַן ליבער פרײַנט, ניט אויסגעהיילט
די וווּנדן דײַנע — מײַנע לײדן,
אוקראַינע-היים אין בלוט פאַרגייט,
איך קאָן ניט מער. כ׳מוז ווײַטער רײַטן,

אינ שלאכט כ׳וועל לאָזנ זיכ אפּסנײַ,
באַצאָלנ שווער דעמ פֿײַנט מיט בלײַ.

אונ אומקערנ כ׳וועל זיכ פֿונ פֿעלד,
ווענ לעצטער פֿײַנט וועט זײַנ פֿארטיליקט,
ווענ אלע וועגנ אפֿ דער וועלט
צו דיר אהיימ נאָר וועלנ פֿירנ,
צו יענעמ ברונעמ, צו דעמ שטיינ,
ווו אָפֿט פֿלעגסט טרויערנ אליינ...

אויב וועסט אמאָל פֿארנאכט אינ סטעפּ
ארומוואנדערנ, מײַנ פֿרײַנט געטרײַער,
א שײַטער טרעפֿנ וועסט באמ וועג,
צעשאר דאָס אש, דערזענ וועכט פֿײַער,
מיט שווערד געגאנגענ כ׳בינ אהער,
אז פֿרײַ זאָל זײַנ די גאנצע ערד!

דאָרעמ־מײַרעוודיקער פֿראָנט. 1942—43

# א נאכט פאר א שלאכט

סאָלדאטן אױף דר׳ערד ארום פײַער.
װאָס כאָלעמט זיך זײ אין דער נאכט?
אן אָפּהילך דערטראָגט זיך פון װײַטן,
אן אָפּהילך פון בלוטיקער שלאכט.

זײ כאָלעמט זיך איצט אין דער טונקל
א נאָענטער, נאָענטער פרײַנט.
און פענצטערלעך—ליכטיקע פונקען
בלאָנקען אין נאכטישער װײַט.

דעם בלאָנדן אוקראַינער כּיליפּן
זיך כאָלעמט א װײַט געשריי.
ער זעט, װי פון דאָרף זײַן געליבטע
א באָרװעסע טרײַבט מען אין שניי.

און הויך פײַפט א בײַטש אינדערלופטן,
מע טרײַבט זי קײן דײַטשלאנד אװעק.
און ס׳דוכט אים: זי זעט אים און רופט אים,
און ס׳האָט ניט זײַן װײטעק קײן ברעג.

און אָט שלאָפט מיט אים דאָ צוזאמענ
דער ייִדישער יאט פונ וואָלינ.
אינ שלאָף איצט צו אים קומט זײַנ מאמע,
זי שטייט דאָ צוקאָפּנס בא אים.

ער זעט זי אצינד אינעם כאָלעם,
ס'איז זי דאָכ,* ס'איז זי דאָכ, געוויס!
זי שטייט, און אינ בלוט איז איר פּאָנעם,
אינ בלוט — אירע הענט, אירע פיס.

„אָ, זונ, זאָגט זי, הארציקער מײַנער,
צי דענ האָסטו, קינד, ניט געוווּסט:
זיי האָבנ מיכ ביטער געפּײַניקט,
צעשניטנ, צעהאקט מיר די ברוסט.

די ברוסט, פונ וועלכער געזויגנ
האָסט ווארעמע מילכ, מײַנ קינד...״
און שטיל האָט די מאמע די אויגנ
געקושט אים אינ כאָלעם; א ווינט

געוויגט האָט די ביימערשע צווײַגנ
מיט ווארעמע פינגער פארטראכט...
סאָלדאטנ אפ דר'ערד ארומ שפּײַטער
רוענ אצינד פאר דער שלאכט.

פּאָלטאַווע, 1943

## צום ייִדישן זעלנער

א שטוב שטייט איינזאַם און פּוסט,
קיין לעבן ניטאָ איז אין איר.
א הארבסטיקער נאַקעטער קוסט
קלאַפּט אָן וועג-ניט-וועג אין דער טיר.

די שוועל איז פארטרויערט אליין,
דער דאך פון דער שטוב איז פארברענט.
פון קלעפּיקן בלוט יעדער שטיין
דעם טאַם דאָרטן ווייסט אין די ווענט.

אויב קומען דו וועסט צו דעם הויז,
און צעט'ריק א קלאַפּ טאָן אין טיר,
ס'וועט קיינער אנטקעגן ארויס,
קיין קאָל וועט ניט ענטפערן דיר.
דאָ אין דער שטילקייט אליין
וועסט שטיין נאָך גרויסן געשלעג.

דײַנ האַרצ ווי א וואָלקנ פאַרגײַנ
וועט צו אַנ אײנזאמענ ברעג.

ווי א קוואַל פונ דער ערדישער שוואַרצ
ברעכט דורכ זיכ אונ שײַנט אַזוי ריינ,
אַזוי וועט א טרייסט צו דײַנ האַרצ
קומענ צו דיר אויכ צו גיינ.

דאָנ נעמענ וועסטו אינ די הענט
די ציגל פאַר נײַעמ געצעלט.
אויפשטעלנ ליכטיקע ווענט
מיט פענצטער צו זונ אונ צו וועלט.

די צײַט וועט באַרירנ דײַנ גלוסט,
אונ פרייד וועט נאָכ לעבנ אינ דיר,
ניט זײַנ וועט די שטוב דײַנע פוסט,
דאָס לעבנ וועט לעבנ אינ איר!

סטאַלינדאָרפ. 1943

## מיר האָבן געשוואָרן!

דער פּיאָנערקע פון סטאַלינדאָרף בינע קאָטליאַר,
וועלכע די פאַשיסטן האָבן דערמאָרדעט.

מיר זײַנען אַרײַן אין אַ דאָרף אַ באַפרײַטן —
צוויי ייִדישע רײַטער.
עס האָט נאָך געדונערט דער אָפּהילך פון שלאַכטן
אין סטעפּישע ווײַטן.

אַ קינד איז געלעגן באַם וועג אין זאַווייען,
פאַרבלוטיקט אין שנייען...
און, דאַכט זיך, באַטראַכט די אַרומיקע וועלט,
וואָס ס׳האָט מער ניט געזען.

אַראָפּ פון די פערד צווישן שנייִיקע סטויגן
און שטיל זיך פאַרבויגן.
מיר האָבן דעם מיידעלע ליכטיקן, בלאָנדן
פאַרדעקט אירע אויגן.

בא ווענט בא צעקלאפּטע, אין שטויב און אין שימל,
אַזוי ווי אַ בלימל,
אַ האַלדזטיכל אַ רויטס איז געלעגן צעטראָטן
פון דײַטשישע שטיוול.

דאַן האָבן מיר צאַרט אויפגעהויבן פון שטיינער
דאָס טיכל דאָס ריינע
און האָבן דעם קינד אױף דער ברוסט צוגעלייגט,
ווי אַן אָרדן אַ שיינעם.

מיר האָבן געשווירן מיט קעפּ מיט אַנטבלויזטע,
מיט אונדזערע פויסטן,
פאַרן טויט פונעם קינד צו באַצאָלן דעם סוינע
אין שלאַכטן אין גרויסע.

דערנאָך זיך געזעצט אויף די פערד די געטרײַע,
ווי ווינטן ווי פרײַע,
און זײַנען אַוועק, וווּ געהילכט האָט געשלעג,
באַשטראַלטע פון פײַער...

סטאַלינגראָד. 1943

6—241

# נאָכ דער שלאַכט

נאָכ הייסער שלאַכט איכ רו אינ פעלד, כ׳בינ מיד...
עס גיט א קלונג אזא מינ ווייַטע שטילע ליד,
וואָס כ׳האָב אינ לעבנ שוינ אמאָל געהערט...
כ׳דערשפיר אינ אָט דער ליד די שייַנ פונ דייַנ געזיכט,
מייַנ גרויסע ליבשאפט אונ פונ זונ די ליכט,
די ליד פונ רויטע בלומענ, פונ דער ערד.

דאנ מאכ איכ צו די אויגנ שטיל, איכ הער:
מייַנ קינדהייַט קערט זיכ אומ צו מיר אהער,
מייַנ יוגנט, ווי א ווייַטער עכאָ-קלאנג...
אזוי צומ ברעגנ קומט אָנ א שטילע וועל,
ווענ איבער יאמ דער זונ-אופגאנג צעהעלט,
אונ יאמ באגעגנט אימ מיט מעכטיקנ געזאנג...

סטאלינגראד. 1942

## קינדהייט

קינדהייט. א שליאך. בא דעם שליאך שטייען קליאָנען,
געבויגן צום פלויט פונעם הייפל.
אפ זייערע שפיצן — א האלבע לעוואָנע —
א שטיק פון מיין קינדערשן רייפל.

דאָס רייפל כ׳פלעג קייקלען דורך וועלדל סאָסנאָוון,
געיאָגט דאָס מיט פיסלעך מיט הוילע
צום בלויען סטאוואָק, וואָס פלעגט רויט זיין אין אָוונט,
ווי עמעצער וואָלט אים געקוילעט.

און פויגלען מיט פליגל צעפאָכעטע, דינע,
שרייענדיק, זיינען געפלויגן.
און איבער סטאוואָק, ווי א וואסערפאל גרינער,
זיינען די צווייגן פארבויגן.

ניט דאָרטן דען האָב איך מיין רייפל פארלאָרן
אין איינעם אן אָוונט א ראָזן?
איצט בליט אפ די פעלדער דער זאפטיקער קאָרן,
א מילכיקער טוי אפ די גראָזן.

און איך גיי אַרום איבער שטעגן און וועגן,
כ׳באַגריס מײַנע קינדערשע טרוימען.
און אַלץ איז מיר ליב דאָ, וואָס איך נאָר באַגעגן —
די פעלדער, דער שליאַך און די ביימער.

נאָר כ׳עפן די אויגן. אַ ליכטיקער דרימל
צערינט אַזוי שטיל אַף די וויִעס.
איך זיץ בײַ דעם טיש אין מײַן קלייניקן צימער,
בײַם פענצטער די קליאָנעס צעבליִען.

די בלוילעכע טאַפּליעס פון יענער זײַט דרויסן
פאַרשפּינען לעוואָניקע שנאַלן,
כ׳הייב אויף זיך פון בענקל, דאָס לעמפל כ׳לעש אויס שוין,
אַף דר׳ערד איז דאָס פענצטער געפאַלן...

דערוועקט זיך אין מיר אַ געפיל אַזאַ קלאָרער
פאַר אַלץ, וואָס פאַרגאַנגען אַף אייביק,
ס׳האָט יעדערער ליב דאָך זײַן קינדהײַט די קלאָרע,
כ׳האָב ליב דיך, מײַן קינדהײַט, ביז ווייטיק.

דערפאַר אַזוי אָפט איך דערמאָן יענע קליאָנעס,
וואָס בייגן צום פלויט זיך פון הייפל.
אַף זייערע שפּיצן — אַ האַלבע לעוואָנע —
אַ שטיק פון מײַן קינדערשן רייפל.

קאַלינינדאָרף.

# בענקשאפט

ס׳איז נאָך מיסטאמע זייער פרי,
נאָר דו גייסט שוין ארויס אין הויף,
און ברעקעלעך דוווארפסט אפ דר׳ערד,
און ס׳לויפן הינער זיך צונויף.

דאָס ווײַסע הינטל בא דער שוועל
זיך שפּילט מיט ערשטן שטראַל פון זון,
און טויבן ווײַרקען אפן דאך,
און אלץ ווערט היימלעך דיר דערפון.

און איך, א יינגעלע א בלאָנדס,
איך כאפּ דיך אָן באם זוים פון קלייד,
און דאָס געווימל אפן הויף
מיר שאפט אזויפיל העלע פרייד.

און יעדער שפּענדל, יעדער זאך
איז מיר געפעלן, און איך קוועל.
און יעדער זאך פאר מיר וואקסט אויס,
ווי גרויס, אומענדלעך ס׳איז די וועלט.

און אָוונט-צײַט, ווען לעצטער שטראַל
צינדט אָן דאָס היי, וואָס אפן טויק,
ווערט אַזוי ליב מיר אַלץ אַרום,
וואָס שפּיגלט אָפּ זיך אין מײַן אויג.

און דו זיצסט אפ דיר שוועל פאַרטראַכט
און זינגסט אַ ניגון אַפ אַ קאָל,
און דו פאַרלאַטעסט מיר אַ העמד,
און זעסט: דאָס העמדעלע ווערט שמאָל.

דו ווייסט: פון וויגעלע דעם קינדס
ביז ערשטן שפּאַן זײַנעם אַפ דר'ערד
גיט מיט די מאַמע אים אין וועג
אַ זויבערע און ריינע טרער.

און ווי דער מאָרגנשטערן העל,
לויכט און שײַנט די טרער דעם קינד,
ביז ער דערקענט זײַן ברייטן וועג,
און ער דערקענט דעם שטייג, דעם ווינט...

נאָר וואָלט אין וואָלקנדיקער נאַכט
אַ ווינט געקומען צו דײַן טיר
און אויסדערציילט דיר פון מײַן האַרץ,
און פון מײַן בענקען אַלץ נאָך דיר,

דאַן וואָלסטו צוגעגאַן צו שויב
און ס'ווײַסע פאָרהאַנגל פארשארט.
דו וואָלסט באַטראַכט די גאָרע ווײַט,
וואָס אײַנגעהילט עס האָט די נאַכט.

דו וואָלסט דערמאָנט זיך יענע נאַכט,
ווען אין דער שלאַכט איך בין אַוועק,
ווען ביימער האָבן מיר געפּאָכט
מיט גרינע טיכעלעך באַם וועג.

ווען האָסט אַ קוש געגעבן מיך
און האָסט די ליפּ געטאָן אַ ביס.
דו וואָלסט אַ סטעזשקע ווען זײַן
און וואַרפן זיך צו מײַנע פיס.

און אויב אין שלאַכטן נאָך אַ טרונק
איך וועל צו ערד נאָר טאָן אַ פאַל,
דאַן וואָלסטו וועלן זײַן פאַר מיר
אַ קילער שטראַלנדיקער קוואַל.

און זײַן וואָלסטו אַ גרינער בוים,
איין-איינציקער אין הוילן סטעפּ,
וואָלסט אײַנהילן אין שאָטן מיך,
ווען איך וועל רוען אפן וועג...

עס ציטערט אויף דײַן ליכטיק האַרץ,
און ווי אַ ווינט — די רו גייט אָפּ...
דערזעעסט, פאַרוווּנדעט אויפן פעלד
איך ליג מיט ביקס אונטערן קאָפּ...

אויף שלאַכט-פעלד ווילט זיך לאָזן דאַן,
און ווי ניט זײַן די נאַכט זאָל שוואַרץ,
געפינען מיך, דײַן בלאָנדן זון,
און צודריקן זײַן קאָפּ צום האַרץ...

וואַלוּיקי. 1941

## ווינטער־לידער

1

ווען הימל און ערד זייַנען איינס,
ווען די האָריזאָנטן פאַרשווינדן,
ווען ס'בושעווע: גליקלעכע ווינטן,
און הימל און ערד זייַנען איינס,

דו זעסט איין פאַרשניטענעם פּניאָק,
איין ציילעם פאַרבראָכן, איין שייַטער.
אַף סטעפּעס א גליקלעכן רייַטער —
און זעסט איין פאַרשניטענעם פּניאָק.

מיט ליזשעס איז גוט דאַן אַזוי
אַף שנייען צווייַ פאַכן צו לאָזן.
עס מעגן זיי ווינטן פאַרבלאָזן,
אַף ליזשעס איז גוט דאַן אַזוי...

אנטקעגנ סטיכיִע ארויס
מיט הילכיקנ יונגנ געלעכטער,
ווענ ס'ענטפערט אנ עכאָ אָנ ווערטער,
אנטקעגנ סטיכיִע ארויס.

די שנייִקע ווײַט שימערירט —
א שנייִקער טײַכ צווישנ ווינטנ,
אונ זילבערנע פונקענ זיכ צינדנ,
די שנייִקע ווײַט שימערירט.

מיט ליכטיקנ הארצ, ווי דער שניי,
אנטקעגנ דער וועלט זיכ צעזינגענ,
אזוי אז די ערד זאָל א קלונג טאָנ
מיט ליכטיקנ הארצ, ווי דער שניי...

2

ווענ איכ בינ געווענ נאָכ א קינד,
דורכ קלייניקע פענצטער אָנ שטראַל:
כ'פלעג קוקנ, ווי שנייעלעכ ווילד
אפ דעכער פונ הײַזעלעכ פאלנ.

כ'האָב ווינטער קיינ שיכ ניט געהאַט,
אזוי פלעג איכ אָפּשטיינ א ווינטער

און בענקען נאָך זומער און זון,
נאָך הימלען און פעלדער צעגרינטע.

איך שטיי בא דעם פענצטער אצינד...
ווי ווײַט יענע צײַט איז פארפלויגן.
ס׳איז זומער. נאָך ווינטער איך בענק,
איך קוק אויס אפ אים מײַנע אויגן.

ווו נעמט מען א שנייִקן פראָסט,
עס ווארטן די ליזשעס די דינע.
איך בענק נאָך דער ראכוועס פון סטעפ,
איך בענק נאָך דײַן שניי, אוקראַינע.

ווען שנייען זיך ציִען אוועק,
פארשיטן קורגאנעס און יארן,
ווען כ׳בושעווען ווינטן פון גליק
און ווילן מײַן אומרו פארנארן,

ווען ס׳יאָגן אין שליטנס די פערד
מיט זילבערנע גריוועס אין שויבער,
און ס׳קלינגען די גלעקעלעך ווילד
און פילן מײַן הארץ אָן מיט צויבער...

נײַ־אוקראַינקע, 1941

# באגלייטונג

א לעצטער סקריפּ פֿון צוגעמאַכטן טויער,
די טויבן וואָרקען אונטער הויכן דאַך.
און ס׳איז געוועזן אַזויפֿיל הוילער טרויער,
ווען האָסט אַרויסבאַגלייט מיך אָפּן שליאַך.

— זאָלסט גיך זיך אומקערן, מײַן זון געטרײַער,
מײַן מוטער-ליבשאַפֿט זאָלסטו היטן ריין,
ווען דו וועסט גיין אַנטקעגן פֿײַער
און אונטער פֿײַפֿ פֿון קוילן דו וועסט גיין... —

איך שטעל זיך פֿאָר: אין אָוונט האַרבסטיק-גרויען
איך קער זיך אום אַהיים באַשײַנט פֿון זיג.
דער הויכער טויבנשלאַק בײַם אַלטן טויער
מײַן ווײַטע קינדהייט קערט מיר אום צוריק...

ניי־אוקראַיִנקע. 1941

## דער מאמען

אין טיף פון הארץ גייט אוף די וועלט,
געלײַטערט דורך ווײ און בלוט...

ווי זוניק-פײַערלעכער מוט —
דער קופער-רויטער זון-פארגאנג
אף הוילן אײַנגעשטילטן פעלד...

און שטיל א ווינטל טוט א בלאָז,
דער גוטער ווינט גלײַכט אויס, צעשטעלט
דאָס אומשולדיק צעטראָטן גראָז
דורך שטיוול זעלנערשע אין פעלד...

און איך פארגעס — ס'איז וואָר צי טרוים,
דו קומסט צו מיר מיט שטילע טריט.
דײַן ליבע האָט מיך אויסגעהיט,
ווי ס'היט די קאָרע אויס דעם בוים.

און זינט פון דיר איך בין אוועק,
מײַן אומרו ביסטו און מײַן רו.
דו ביסט די שײַן אין שווערן וועג,
און אויך דער וועג צו שײַן ביסטו!..

ס'שלאָגט הייס דײַן בלוט אין הארץ בא מיר,
בא דעם סאָלדאט — דײַן איינציק קינד.
און טיף, מײַן מאמע, לעבסט אין מיר,
ווי אין דעם שטורעם לעבט דער ווינט.

קיראָוואָגראד. 1944

## א בריוו

קאָנ זײַנ, אז דו האָסט מיך פארגעסנ,
אונ עפּשער געדענקסטו מיך.
כ'בינ דורכגעגאנ וויפל מעכלעכנ
אינ פראָנטע סאָלדאטסקע שיכ.

אונ וווּ איכ האָב ניט גענעכטיקט
אונ וווּ איכ האָב ניט געטאָגט,
אפ כאָרעווער ערד פארשוועכטער
איז געגאנגענ א גרויסע קלאָג.

כ'בינ געגאנ דורכ וועגנ אונ האָנעס,
שלאכט האָט געהילכט אינ ווײַט,
א פארייכערטע געלע לעוואָנע
איז געשוווּמענ איבער טויטע פרײַנט.

באלויכטנ די פּענעמער בלאכע,
די ווײַסע פארבלוטיקטע ציינ,
די דורכגעלעכערטע קאסקעס,
דאָס בלוט אפ שטויב אונ שטיינ...

דאָס בלוט אונדזערס הייליק אונ רויט איז,
אונ ווײַט ערגעצ שטארבט א געשריי...
מע דארפ ניט דערמאָנענ די טויטע,
ווײַל כ'קאָנ זיכ פארבענקענ נאָכ זיי...

כ'בינ דורכגעגאנ וויפל ווערסטנ,
אונ וויפל נאָכ דורכגיינ באשערט!
דורכ גרעסטע געשלעגנ, דורכ שווערסטע,
אז פרײַ זאָל ווערנ מײַנ ערד!

צו דיר, צו דײַנ שוועל זאָל איכ קומענ,
א קלאפ טאָנ אינ טיר אומגעריכט,
שוינ וויפל פארגאנגענע זומערס
איכ האָב ניט געזענ דײַנ געזיכט?..

קאָנ זײַנ, אז דו האָסט מיכ פארגעסנ,
אונ עפשער געדענקסטו מיכ.
כ'בינ דורכגעגאנ וויפל מעסלעסנ
אינ פראָסטע סאָלדאטסקע שיכ.

ווי אפ שלאכטפעלד די רויטע לעוואָנע,
גייט אומ מײַנ סאָלדאטישע ליד.
קאָנ זײַנ, אז דו ווערסט מיכ דערמאָנענ,
ווײַל פארגעסנ האָסטו מיכ ניט...

גריאזי. 1942

## מיט דײַנ ליבשאפט

ווענ כ׳קלער: ווי קערנ זיכ אהיימ
איכ וועל צו דיר נאָכ שלאכטנ גרויסע,
דו וועסט צו מיר פונ שטיב ארויסגייננ
אונ בלײַבנ בא דעמ טויער שטיינ.

דו וועסט באטראכטנ מײַנ שינעל
אונ די פארשטויבטע גרויע שטיוול,
מיט וועלכע כ׳בינ געפאר אריבער
אונ דורכגעגאנ א האלבע וועלט.

דו וועסט דערזענ: כ׳בינ עטוואָס גרוי,
אונ קנייטשנ דינע — בא די אויגנ.
אפ דײַנע ברעמענ — דינע בויגנס —
וועט שטיל א ציטער טאָנ דער כוי.

כ׳וועל וועלנ דיר דערציילנ גאָר,
ווי שווער געווענ איז מיר דערלעבנ,

איך זאָל דיך ווידער זען, מײַן לעבן,
דײַן יונג געשטאַלט, די שוואַרצע האָר.

ווי זען איך פֿלעג מײַן טרוים, מײַן קינד,
דורך אויפֿגעפֿלאַמטן גרויסן כאָלעל,
נאָר ס׳איז געווען א ווײַטער כאָלעם,
א בענקשאַפֿט האָט געשפּינט דער ווינט...

ווי וואַרטן פֿלעג איך אויפֿן רוף,
אין שוצגרוב ליגנדיק פֿאַרטײַעט,
און לאָקערן נאָך כריגעס כאַיל,
נאָך מינדסטן שאָרך זײַנעם אין לופֿט.

ווי הייבן פֿלעגן זיך פֿון דר׳ערד
צעפֿלאַמטע ברענענדיקע שטערן.
דײַן ליבשאַפֿט פֿלעגט פֿאַרוואַנדלט ווערן
אין שטאָל אין שאַרפֿן פֿון מײַן שווערד...

כ׳וועל אויסדערציילן דיר, ווי נ׳האָרבסט
געגאַנגען איך בין דורך וועגן שטומע.
נאָר דו וועסט זאָגן בלויז: — געקומען. —
די גאַנצע וועלט זינגט אין מײַן האַרץ!

קורסאַווקע. 1943

## ערשטע ליבע

ס'וועט די ליד זײַן וועגן שטערן,
וועגן ווינט און וועגן שטעפּ,
וועגן יונגע שלאַנקע מײדל
מיט די העליש-שוואַרצע צעפּ,
וועגן ערשטער ליבע מײַנער,
וועגן הייסע יוגנט-טעג.

טײַך און לאָנקע. רויטע קוייטן
שיט פון הייכן דער פּאַרטאָג.
א בעריאָזע, ווי מײַן קינדהײַט,
האָט צעבליט זיך בײַם סטאַוואָק.
דער פּאַרטאָג האָט זיך צעקלונגען,
ווי א זילבער-דינער גלאָק.

אינעם פעלד איך טרײַב די סטאַדע.
פּײַטשט מײַן בײַטשל אין דער לופט.
ערגעץ זינגט א פריִער פויגל,
א פאַרליבטער ווײַטער רופ...

פונעם טײַך א װײַסער נעפּל
איבער טאָלן הייבט זיך אױף...

מיט דער פאַרב פון רעגנבויגן
איז דאָס פײַכטע גראָז קאָלירט.
װי א בלויע דינע סטענגע
פונעם סאָד א סטעזשקע פירט.
לאָזע־קוישן פול מיט עפּל
טראָגן מיידלעך צום קאָלווירט.

א שוואַרצכיינעװדיקע מיידל
מיט דער האַנט די האָר פאַרגלעט.
א שוואַרצכיינעװדיקע מיידל
אין א װײַסינקן בערעט
איז געגאַנגען צווישן מיידלעך
און האָט גאָרנישט ניט גערעדט.

איך געדענק א זומער־אָוונט,
זאַנגען בייגן זיך פון ווינט,
פונעם פעלד איך טרײַב די סטאַדע,
אַף א פײַפעלע איך שפּיל.
פּלוצלינג זע איך, אַף א לאָנקע
זיצט א מיידל און זי זינגט.
קליינע וואָלקנדלעך אין הימל

האָבן זיך אין ווײַט געגרויט.
בין איך צוגעגאַן צום מיידל
און פאַר איר זיך שטיל פאַרנייגט.
כ'האָב דערזען א וועלט א גאַנצע
אין שוואַרצאַפּל פון איר אויג.

כ'בין מיט איר אין פעלד געלאָפן,
ס'האָט געדונערט און געבליצט,
ערשטע פּערל — רעגן-טראָפּנס
האָבן אירע האָר באַשפּריצט,
ס'האָט א דינינקע בעריאָזע
פונעם רעגן אונדז באַשיצט.

זאָג איך: מיידל, פרישע טראָפּנס
באַ דײַן מויל זיך שטעלן אָפּ,
אויב איך טרינק ניט אויס די טראָפּנס —
כ'קען פון זינען נאָך אראָפּ...
לאַכט דאָס מיידל א פאַרשעמטע,
און זי שאָקלט מיטן קאָפּ.

ניט קיין רעגן — שניירלעך פּערל
האָבן זיך פון הייך געזיפּט,
האָט געזאָגט צו מיר דאָס מיידל,
און געציטערט האָט איר ליפּ:

וועסטו אויסטרינקענ די טראָפּנס,
וועסטו גלײַכ אינ מיר פֿאַרליבט...

דורכ דעמ לײַנ-געוועב דעמ פֿײַכטנ
הער איכ אָטעמענ איר ברוסט.
אונ איר לײַב איז פֿריש אונ זױבער —
פֿונעמ פֿרילינג מיר א גרוס.
ס'איז איר קאָפּ אינ רויטע קווייטנ —
א צעגליטער יונגער קוסט.

פֿונ איר ברוסט דעמ ערשטנ ציטער
נאָכ ביז איצט איכ האָב פֿאַרהיט,
ווי דער בוימ אינ אָנהייב פֿרילינג
פֿונ דער פֿרוכט דעמ ערשטנ צוויט.
ס'איז געווענ דער קוואַל דער ערשטער
פֿונ מײַנ יונגער ליבע-ליד.

ערשטע ליבע, דו ביסט זאַפֿטיק,
ווי אַנ עפּל דו ביסט ריינ.
אַפֿנ ראַנד פֿונ אונדזער יוגנט
ערשטע ליבע קומט צו גיינ.
אַפֿנ ראַנד פֿונ אונדזער יוגנט
איז די ליבע ליב אונ שיינ...

באָבראָווי-קוט. 1490

## א כאָלעם

אָ, זומער-נאַכט! ווי קלאָר די לופט!
ווי זילבערדיק דער בלאַט איצט שלאָפט.
פון ווייסן צוויט — א ווייגשל-דופט,
און שאָטנס קומען — שוואַרצע שאָפ.
עס אָטעמט ניט קיין כוואַליע איצט,
און אויך מיין האַרץ פון רו געניכט...

דער טייך באַנאַכט — א הימל-פּאַס,
א שיפל ע־געץ שווימט אוועק...
די נאַכט איז בלוי, דאָס גראָז איז נאַס,
א פיש א זילבערנער באַם ברעג
זיך כוט א וואָרף און באַלד פאַרשווינדט...
און וואַסער-קרייזן טרייבט דער ווינט...

דאַן שלאָפט זיך ניט, א נאַכטיגאַל
האָט אַפ א צווייגל זיך צעטרילט,
א גאָלדן וואָלקנדל ז׳פּאַרגאַנ,

דעם מוילעד האָט עס אײַנגעהילט.
נאָר לאַנג מײַן הארץ האָט נאָך געבענקט
נאָך דיר, ווײַל דיך האָט עס געדענקט.

און ס'האָט דערמאָנט זיך אזוי העל
א זומער-נאכט, די ערד איז שווארץ.
אפּ בלויע קווייטן אינעם פעלד
איך פאל אני׳ ער מיט מײַן הארץ.
און אײַנגעשלאָפן בין איך שטארק.
געכאָלעבט האָט זיך מיר א נאכט:

מיר זײַנען אין א סאָד געגאנגען,
געבליט די ביימער האָבן ווײַס,
און ס'האָט געשפּרייט זיך אפן זאמד
פאר אונדז דער טאָג — א גאָלד'נער קרײַז.
ווי גליקלעך בין איך דאן געווען —
איך האָב אין דיר זיך זעלבסט דערזען!

נאָר דו פארקוקט האָסט זיך אין רוים,
אין הימל-בלוי — אין בלויען צװײַג,
א רײַפן עפּל פונעם בוים
האָט אויסגעשטרעקט צו דיר א צווײַג,
און אויסגעטרונקען האָסט פון אים
דעם ראָזן הימל פון באגינ.

און איך געשטאנען בין פארגאפט,
האָסט מיך געבעטן דעמלט שטיל
פארזוכן פונעם עפל-זאפט,
וואָס איך האָב אזוי לאנג געגארט.
איך האָב פארזוכט, און כ'האָב דערפילט —
מיט ליבע גיסט זיך אָן מײַן הארץ.

די זומער-נאכט איז יונג, צעבליט,
ס'שטייט יעדעס גרעזעלע פארקלערט.
ווי ווײַסע באבעלעך — דער צוויט
פון שווארצע צווײַגן פליט אפ דר'ערד.
און דו א צווײַגל האָסט צעוויגט
און צארט די בלעטעלעך געפליקט.

כ'האָב אופגעכאפט זיך מיטאמאָל,
דו ביסט געשטאנען בא מײַן בעט,
געקלונגען האָט דײַן יונגער קאָל,
מײַן ווײַסן שטערן האָסט געגלעט.
האָב איך אזוי דיר דאן געזאָגט:
פארגאנ די נאכט. און איצט איז טאָג,
מײַן העלער כאָלעם אין קאיאָר
דו ביסט אצינד מײַן שיינע וואָר!

קאלינינדאָרף.

## אינ אורלויב

אינעמ פעלד זײַנענ געפאָרנ
מײדלעכ ברעכנ קוק'רוזע.
אינ די רויטינקע קאָסינקעס,
אינ די שנײיק-ווײַסע בלוזעס.

צווישנ זײ געווענ איז אײנע,
סאמע יענע, אָט די שווארצע,
וועלכע, ווענ דו גיבסט א בליק נאָר,
דוכט זיכ: דו פארלירסט דאָס הארצ דײַנס...

זײַנענ קארע פערד געלאָפנ
אינעמ פעלד דעמ אויסגעהילכטנ.
ס'איז די ערד — ווי נאָכ א רעגנ,
אונ דאָס גראָז איז ריינ אונ ליכטיק.

האָבנ מײדלעכ הויכ געזונגענ,
ס'האָט גענומענ ליכטיק טאָגנ.
אונ דער וועג — א הונט א גראָווער —
איז געלאָפנ נאָכנ וואָגנ...

זײַ אנטקעגנ אָנגעקומענ
איז א שטאלטנער יונגער קריגער,
אפ א קארע פערד א הייסנ
פאָרט ער איצט אפ אוקראינע.

ער וועט באלד אהינצו קומענ,
צו דעמ אויסגעווײַסטנ שטיבל,
ווו אינ שווארצע נעכט באמ סעדל
פלעגט ער אויסקושנ זײַנ ליבע.

אינ פאר אָט דער ריינער ליבע,
וואָס אינ שלאכט פלעגט אימ באשײַנענ,
א שטיק הימל פול מיט שטערנ
טראָגט ער אינעמ הארצנ זײַנעמ...

אינ א קורצנ אורלויב פאָרט ער
דורכ די פעלדער זאפטיק-גרינע.
נאָר אוועק שוינ וויפל יאָרנ,
אונ דעמ וועג איז שווער געפינענ.

האָבנ מיידלעכ אימ באגעגנט
מיט א פרײַנטלעכנ „גוטמאָרגנ״,
אונ בלויז איינע האָט א בלימל
צוגעשטאָכנ בא זײַנ אָרדענ.

נאָר דער שטאַלטנער יונגער קריגער
מיט א שמייכל מיט א גוטן
האָט געבעטן אים באַווײַזן,
ווו דער וועג ליגט צו דעם כוטאָר,

האָט זי אים דעם וועג באַוויזן,
סאַמע יענע, אָט די שוואַרצע.
יענעם וועג, נאָר ניט צום כוטאָר,
נאָר צו וועלט, צו ליכט, צום האַרצן...

קאַליניַנדאָרף. 1943

# פארנאכט

פארנאכט, ווען ס׳גייט אוועק די זון צום האָריזאָנט
און טונקל-רויז פארצויגן זיך די פעלדער,
דאן ווערןביימער-קעפּ פון זון-שיין בלאָנד,
און זומער-פייגל זינגען אין די וועלדער.

און ערגעץ ווייט נאָך פונעם סאמע ראנד
דערטראָגט א ליד זיך אזא יונ.ע, שיינע.
דאָס קומען דויטארמייער מיט געזאנג
צו אָנפּויען די פערד באם קוואל באם ריינעם.

דאָ צווישן שטיינער בא דעם סאָסנע-וואלד,
ווו גרינע גראָזן פינקלען — גרינע פליושן,
דער וואסער-קוואל, ווי שניי, איז פריש און קאלט,
עס שטייט א בוים לעם אים — א יונגער בושל.

און שטויבן וויקלען זיך צום הימל גראָ...
א ברייטע שליאכן און באקאנטע וועגן

עס קלינגענ אָפּ פונ שלאנקע פערד די טלאָ,
פונקט ווי אנ אָונטיקער דריבנער רעגנ...

אונ יונגע מיידלעכ פונ קאָלווירט אהער
מיט קריגלעכ ליימענע נאָכ וואסער קומענ,
אונ רוישנ נעמט מיט לידער אויכ די ערד,
די פרילינג-ערד פונ טאָפּאָלנ אונ בלומענ.

קריוקאָוו, 1941

# דער ערשטער שלאָפ

ווענ נאָכ א שפּיז-אטאקע בא די ריוונ
מיר רוענ אָפּ א שאָ צי א מינוט,
אונ אָנגעקלעפּט בא אונדז איז אפ די שטיוול
געדיכטע ערד געמישט מיט בלוט,

ווי בענק איכ דאנ נאָכ ערשטנ שלאָפ, וואָס קומענ
ער וועט צו אונדז נאָכ בלוטיקנ געשלעג,
ווענ שוויַגנ וועלנ טיַכנ, לאָנקעס, בלומענ.
אונ רוענ וועט דער שטויב אפ יעדנ וועג.

דער וויַסער זילבער פונעמ טאָג דעמ העלנ,
די נאכט, ווי בלויער שניי, וועט פאלנ לאנג...
אונ פויגלענ וועלנ גאָלד'נע ביַטשלעכ קרעלנ
צעהענגענ אפ די ביימער — דאָס געזאנג.

די ברוינע בינ וועט זשומענ אינ די קוויטנ,
דער הימל וועט אינ טיַכ זיכ שפּיגלענ ריינ.

פונ שווארצע בערג לעוואָנעדיק-פארשנייטע
קיינ ווידערקאָל ניט קומענ וועט צו גיינ.

אונ ער, דער שלאָפ, וועט זיינ א ליכטיק-נייער,
ווי רייפע פּירעס — אַזוי שווער אונ זאט.
אונ אָטעמענ עס וועלנ זוניק-פרייער
די ערד, דער הימל, יעדער זאנג אונ בלאט.

די גאנצע וועלט צעפראלט וועט זיינ אונ אָפנ,
ווי ס'וואָלט קיינ קריג ניט זיינ גאָר אפ דער וועלט,
אונ רוענ וועלנ מיר מיט אונדזער וואָפנ
אפ אָפּגעברענטע גראָזנ אינעמ פעלד.

אונטער פּאָלטאווע. 1943

# צום קוואל

נאָכ רויכיקע שלאכטנ נאָכ הייסע,
ווענ דאָרשט וועט מיכ פּייניקנ, בריִענ,
כ'וועל נעמענ דאָס זעקל אפּ פּלייצע
אונ לאָזנ אינ וועג זיכ אינ פריִענ.

כ'וועל קומענ צום קוואל צו דעם וועלד,
צו ווייַסער בעריאָזע אינ נעפּל.
מיט גרויענ כאַלדאַטישנ העלם
א טרונק כ'וועל א פרישנ פארשעפנ.

דאָרטיק כ'וועל שלינגענ די בלויע
לויטער-קרישטאָלענע טראָפּנס.
דערנאָכ אינ א שאָטנ כ'וועל רוענ,
א בארג וועט מיר ליגנ צוקאָפּנס...

אונ מעג מיכ א דריבל כארוויגנ,
מיכ ארט ניט בא וועלכע וועגנ,
ווייל רויק די וועלט וועט דאנ ליגנ
באַם פראַכטנ סאָלדאַטישנ זעקל...

אונ איכ וועל נאָר בענטשנ די גראָזנ,
דעם לויטערנ קוואל, די בעריאָזע...

זלינקע, 1944

* * *

בײג זיכ אָנ צו דעמ ברונעמ, באמ שטײנערנעמ ברעג,
װעכט דערזענ, װי דאָס װאַסער דאָרט שװארצ איז.
נאָר ס׳איז לויטער־קרישטאָליק די זויבערע דעק,
אזוי לויטער אונ רײנ מײַנ הארצ איז...

צי אויס אזוי שטיל דײַנע װארעמע הענט,
טוליע צו צו דעמ װאכע די ליפּנ.
ס׳קלאפּנ כװאליעס זיכ אָפּ אינ די שטײנערנע װענט,
אזוי קלאפּט אינ מײַנ ברוכט איצט די ליבשאפט...

אונ די קנײטשנ פונ דעק, װענ װעסט קוקנ אראָפּ,
װעלנ אויסזענ װי זילבערנע קאָסעס.
פונ מײַנ לויטערנ הארצ פליענ לידער איצט אָפּ,
װי די פױגלענ אינ גאָלדענעמ אָסיענ...

מאָסקװע.

## פארנאכטיקע פײַערן

1

ס'האָט לינדער ווינט געקושט דעם קוסט,
די גרינע וועל.
אפ גראָז פארקײַקלט זיך די זון
צו טונק'לער שוועל.

נאָר רויטע פײַלן זון-פארגאנג
שיקט צו דעם וואלד,
צום אָוונט-פעלד, ווו יעדער זאנג
איז ווי א שטראל...

די זון, דער ווינט, דאָס גראָז, דער דעמב,
דער שטויב אפ דר'ערד.
דאָס איז מײַן לעבן, וואָס כ'האָב אויסגעקעמפט
מיט בלויזער שווערד!

2

די זונ איז פארגאנ הינטער ראנד פונ דער ערד,
איז געפאלנ א קילקײַט אינ טאָל.
א שטײנערנער פעלדז איז געשטאַנענ פארקלערט
באם ברעג פונעם בלויענ כאראָל [1].

אנ אָדלער געפלויגנ איז הויכ איבעם בלוי,
זײַנ געשרײ האָט געקלונגענ ארומ.
געבענקט האָט דער פעלדז נאָכנ אָדלער אזוי,
ווי בײַנ הארצ נאָכנ פלאמ פונ דער זונ...

מירגאָראָד. 1943

1 א טײַכ אינ מירגאָראָד.

# כ׳בין געקומען!

ווי דער צוויט צו יונגע ביימער —
צו דעם לעבן כ׳בין געקומען!
ווי די שטערן־שײַן אין ווימען,
ווי די פײגעלעך צו דעם זומער —
כ׳בין געקומען!

ווי די גרינקײַט צו די פעלדער —
צו דעם לעבן כ׳בין געקומען!
ווי די שטילקײַט צו די וועלדער,
ווי די צאַרטקײַט צו די בלומען —
כ׳בין געקומען!

ווי אַ קוואַל צום הייסן מידבער —
צו דעם לעבן כ׳בין געקומען!
ווי צו שנייען קומט דער זילבער,
ווי די בלויקײַט צו אָרומען —
כ׳בין געקומען!

ווי אַ טײַך צום יאַם צום שווארצן —
צו דעם לעבן כ׳בין געקומען!
פונעם ליטער־רײניקם האַרצן
שיק איך גרוסן אין אָרומען —
כ׳בין געקומען!..

באַקאַו. 1945

## באנאכט אין א פרעמדער שטאָט

טירן שוועבן, פענצטער שוועבן,
טרעפּ און טרעפּ און ווידער טירן,
וווּ וועט מיך מײַן גורל פירן,
צו א וועלכן וועג פון לעבן?

כ'גיי אין פרעמדער שטאָט צעדרומעט
אין א זומער נאַכט א שפּעטער,
איך בין איינער מיט מײַן שאָטן —
שוואַרצע ביימער-סילועטן.

קומען מענטשן מיר אנטקעגן,
יעדן איינעם כ'קוק אין פּאָנעם.
צווישן פרעמדע, אומבאַקאַנטע
ווילט זיך מיר א פרײַנט דערקאָנען.

נאָר א ווינטל קומט צו לויפן,
גיט א דיר מײַן כאַקי-העמדל.
גיי איך נאָך... כ'קום צו א געסל,
צו א גאַנעק צו א פרעמדן.

פון א שטאָק עס גיט א פינקל
א געזיכט דורך שויבן ריינע...
ס'האָט די פרוי א קוק געגעבן —
און ניטאָ איר בליק דער שיינער...

עפּשער מיינט זי, אַ באַקאַנטער
דרייט זיך אום אין שפּעטע שאָען...
אַז איך זוך אַ האַרץ אַ ליכטיקס,
ווי זאָל איך איר דאָס פאַרטרויען?

כ׳הייב זיך אויף און לאָז זיך ווײַטער
דורך געדרייטע פרעמדע געסלעך.
כ׳שלעפּ די שטיוול מײַנע שווערע,
ס׳ווערט מײַן מידקײַט פולער, גרעסער,

און פון ביימער בליטן — שנייען
האָט דער ווינט אַהער פאַרוויייעט,
ערגעץ בײַ דער ווײַטער פאָרשטאָט
הער איך זינגען רויטאַרמייער,

און די ליד — אַ פרישן אָנזאָג
ברענגט פון יונגע קריגער, דרייסטע.
אָט די ליד פון זון און בראָנזע,
אָט די לײַדנשאַפטלעך־הייסע.

כ׳לאָז זיך לויפן דורך די הויפן,
דורך די יאָרן, דורך די האָנעס.
צו דער פאָרשטאָט צו דער ווײַטער,
וווּ עס רוישט דער ווינט מיט קליאָנעס.

נאָר די נאכט — א שווארצער פיגל,
ס'שלאָפט די שטאָט אונטער די פליגל.
פלוצלינג—שײַנ פאר מײַנע אויגנ,
כ'זע א פענצטער אופגעריגלט.

ס'האָט דאָס לעבנ טויזנט פענצטער,
איינס איז ליכטיק, ס'צווייטע — שווארצ איז,
דורכ דעם ליכטיקנ דערקענסטו
מוט, אונ ברויז, אונ פרייד פונ הארצנ...

דו דערקענסט די שענסטע פארבנ
פונ דער יונגער וועלט צעבליטער,
ווי די ביימער לעבנ, שטארבנ
אינ א שטורמישנ געוויטער,

ווי עס בליִענ רויטע רויזנ,
ווי עס קלינגענ זונענ-שטראלנ,
ווי דײַנ ליבע אָפגעזוימערט
האָט בא לעבנס פרישע קוואלנ...

ווי עס גייט ארויס פונ ברעגנ
פרילינג-צײַט דער טײַכ דער קלענסטער.

— — — — — — — — — — —

מיר באשערט איז אונדזער לעבנ
זענ דורכ גרויסע העלע פענצטער...

פינלאנד. 1940

# פארלאנג

א. קושניראָוו.

האָט איר באטייליקט זיך אין יענער שלאכט,
ווען ערד און הימל מישן זיך צוזאמען,
ווען פאר די אויגן שטייט איין גרויסע נאכט
אין א געמיש פון בלוט און פלאמען?..
האָט איר באטייליקט זיך אין יענער שלאכט?

איז עפשער אויסגעקומען אייך אמאָל
נאָך א הארמאטן-שיסעריי א שווערער,
ווען אפ א ווייל א שטילקייט קומט אין טאָל,
די ליד פון סאָלאָוויי דערהערן?
איז עפשער אויסגעקומען אייך אמאָל?

האָט דאן זיך ניט געדוכט אייך, אז אין טאָל
עס גייט א שטרייט צווישן דעם טויט און לעבן,
ווען ס'האָט געקלונגען אזוי שיין דאָס קאָל
פון יונגן סאָלאָוויי... אין יענער רעגע
האָט דאן זיך ניט געדוכט אייך, אז אין טאָל

מיט דיינסטן גרעזעלע, מיט שפּראָץ און זאנג,
מיט קלענסטן בלעטעלע אפּ צווייַגל
דאָס לעבן האָט גערעדט דורך פויגלשן געזאנג,
און אונדזער פרייַע וועלט דורך היסן שטרייַטן
איז אופּגעגאנגען פאר אונדז, ווי א פּארלאנג...

מאָסקווע. 1945

## עס בענקעןביימער...

עס בענקען ביימער נאָך דער זון,
עס בענקען ביימער...
איך גיי אין פעלד אַצינד אַרום,
איך גיי אום איינער...

די ברייטע פעלדער זײַנען גרין,
עס בליִען פעלדער.
אַ ווינט אַף גרינע צווײַגן זינגט
אין סאָסנע-וועלדער.

אַ וואָלקנדל זיך ציט צו בערג —
צום נאַכט-געלעגער...
דער שטויב אַף וועגן ראָזער ווערט —
עס טונקלען וועגן...

און ביימער שטרעקן זיך אין רוים
נאָך שטראַל-געוועבן...
ווי ס'ציט זיך צו דער זון אַ בוים, —
מיך ציט צום לעבן...

קאַלינינדאָרף, 1910

# ערד מײַנע, ערד!

י. דאָבּרושינער געווידמעט

## א. דער אקער

װער װעט גײן נאָכן אקער,
װאָס ליגט אין א זײַט און באדויערט:
דאָס פעלד — ניט געאקערט,
אין שלאכט אומגעקומען דער פויער.

ליגט דער אקער אין פעלד,
און דאָס פעלד איז פארװיסט און פארלאָזן.
װײנט דער װינט אפן העלד,
װאָס װעט קײנמאָל, שוין קײנמאָל ניט דאָ זײַן.

נאָר באם הויכן קורגאן
האלט דער װינט אײַן א װײַלע דעם אָטעם:
ס׳ליגט א ראָד פון א טאנק,
ס׳שטײען סלופּעס מיט שטעכיקע דראָטן...

א סאָלדאט גײט אהײם,
און ער זעט, װי באם װעג ליגט דער אקער.

זעצט ער צו זיך בײַ א שטײן
און ער קוקט, ווי דער מײַרעװו-זוים פלאקערט.

אין א גרויען שינעל,
מיט א שטרענגן פארשלאָסענעם פּנים,
ער איז דורך אזא װעלט
אונטער פײַער און הילך פון קאנאָנען.

גײט פון טיף זײַן באגער,
שײַנט אויף העל, ווי די זונען־געוועבן.
ס'האָט די ערד אים דערנערט
און אויך מוט אין די שלאכטן געגעבן.

און פּײַן ווײ און פון ווינד
אים פארהיט, ווען מיט בלײַ האָט געהאָגלט.
ער איז אירס דאָך א קינד,
וואָס געווען איז פון איר נאָר פארוואָגלט.

און זײַן בלוטיקע וווּנד
אים געהײלט מיט איר יעטווידער טראָפּן.
ער, דער ערדישער זון,
אָפּגעריסן געווען פון איר נאָפּל.

און ווי אָפּט אין דער פרעמד
אין די רעגעס פון רו נאָך אטאקע.

האָבן סאָלדאטישע הענט
געבענקט נאָכן שטאָל פונעם אקער.
הייבט זיך אוף פונעם שטיין
און ס'גייט צו צו דעם אקער דער פויער.
א גראָב אין דער ערד און בלייַבט שטיין,
ס'האָט פארשמעקט אונטער זון אים די רויערד.

ווי ניט לאנג א געשלעג
האָט געדונערט אף סטעפעס אַפ ברייטע,
איצט זעט ער א וועג,
צו זייַן היים — צו קאלינינדאָרף גייט ער.

און קומען אהער
וועט ער — דעם אומעט פאריאָגן.
די מאכעניו-ערד
זאָל ווידער פארגייען אין טראָגן...

## ב. מיט א נײַעמ פארלאנג

ווענ כ'האָב, פעלד, דיכ פארלאָזט,
כ'בינ געבליבנ דאנ שטײנ אינדערמיטנ,
ווי א בערגל פונ גראָז
בלײַבט אפ לאָנקע אינ הארבסט ניט געשניטנ.

נאָר איכ האָב ניט געטראכט
דיכ פארגעסנ אינ שווערנ געראנגל.
אונ גענומענ אינ שלאכט
אינ א זעקל א בינטעלע זאנגענ.

אונ אוועק ווי פארשעמט,
ווײַל געוווּסט: איכ וועל בענקענ, ביסטאמע.
איז די אָרעמס צענעמ
אונ באגעגנ מיכ, ערד, ווי א מאמע.

אפ דעמ וועג דײַנעמ טאָגט,
יעדער גרעזל צו זונ זע איכ שטרעבנ.
די געניטקײַט איכ טראָג
פונעמ קריג צו דעמ פרידלעכנ לעבנ:

מיט א נײַעם פארלאנג
כ׳קום צו דיר איצט נאָך שלאכט און נאָך פלאקער.
מיט סאָלדאטישן גאנג
וועל איך נאָכגיין אין פעלד נאָכן אקער.

און אין איינעם א פרי
כ׳וועל צעאקערן דיך און צעגראָבן.
ס׳האָט פארשמעקט מיר די מי,
ווי א יונגער א זאפטיקער לאָרבער.

און ווי זײַן זאָל ניט שווער,
וועל איך ווידער די היים מײַנע בויען.
כ׳קום צו דיר איצט, מײַן ערד,
איך, דער זיגער, דער זעלנער, דער פויער.

## ג. ווּ דײַן פאָלק האָט אמאָל...

קום, סאָלדאט, איצט מיט מיר,
כ׳וועל דיך פירן דורך וויטעק און טרויער.
יעדער שטיין טו א ריר,
ווּ דער טויט האָט ניט לאנג נאָך געלויערט.

אָט דאָס אָרט איינעם טאָל,
ווּ א שפּור פון דײַן היים וועסטו זוכן,
האָט געהייכן אמאָל
ניט קאליניגראָד — כיידע-מענוכע.

ס׳איז דײַן זיידע אהער
אפּ פאראָמען געקומען פון וועלטן,
און באוווינט אָט די ערד,
און פון שטיינער געבויט זיך געצעלטן.

און פון פרי און ביז שפּעט
זיך געמיט פארן ברויט, וואָס מיט קימל,
און מיט שטילן געבעט
געקוקט צו דער ערד, ווי צום הימל:

אז דער האָגל, וואָס קומט,
זאָל אין פעלד אפ די זאנגענ ניט פאלנ,
נאָר פונ הויכנ די זונ
זאָל זיי שענקענ די ליכטיקע שטראלנ;

אונ צום פערדל גערעדט
האָט דער זיידע, ווי גלייך צו א מענטשנ:
„ס'ווערט ליכטיק דער סטעפ,
נאָר בא מיר ווערנ טונקל די הענט שוינ.

נאָכנ שווארצנ שטיק ברויט,
וואָס איך בענק אונ איך בעט בא מײַנ ערד דאָ,
איז שוינ גרוי באלד מײַנ ברוים,
ווי דאָס סיווינקע שיטערע בערדל.

כ'שלעפ דעם יאָך מײַנעם שווער,
ווי אינ הארבסטיקע טעג אינ די גרײַזע,
דורך פארטריקנטער ערד
שלעפסטו, פערדל, דאָס טויטע שטיק אײַזנ"...

אָט אזוי אינ דער שטיל
האָט דער זיידע זײַנ וועלטל פארלאָזנ,
ס'האָט גערעדט זײַנ געפיל,
ווי גערעדט מיטנ שטיינ וואָלט די קאָסע.

קום פונדאנען אוועק,
לאָמיר צוגיין, סאָלדאט, צו דעם קייווער,
ווו באם אָנהייב פון וועג
שטייט א שטיינערנע אלטע מאצייווע.

ווייס, דיין זיידע דאָ רוט,
אונטער מאָזיקן שטיין אונטער גריזן,
בא דעם דאָרף באָבראָוו-קוט,
ווו ניט ווייט איז געשטאנען זיין הייזל.

צי געדענקסטו, ווי בלינד
האָט זיין שטיבל צום בארג זיך געצויגן,
צעטרייסלט פון ווינט
און פון הונדערטער דונערס געבויגן?

אָט אזוי איז דיין פאָלק
געגאן דורכ דערנער אפ וועגן
און געפונען אין טאָל
פאר זיין קאָפ זיך א היימיש געלעגער.

איצט שטעלסטו זיך פאָר:
ס׳איז דער מאָכיקער שטיין דאָ אן איידעס,
ווי מיט הונדערטער יאָר
נאָכן אקער געגאן זיינע זיידעס

און געזונגען אַ ליד,
וואָס גמישט איז געווען דאַן מיט טרערן,
נאָר דאָס פעלד האָט צעבליט
זיך אין שײַן פון אָקטאָבערשן שטערן...

די קאַלינינדאָרף-ערד,
זי איז הייליק פאַר דיר און איז טײַער.
מיט דעם הייסן געווער
האָסט געשלאָגן פאַר איר זיך אין פײַער.

און דו האָסט ניט גערוט,
ווען דער סוינע אָפּ איר האָט געטראָטן.
ס'איז איר ליַיב מיט דײַן בלוט
אין די שלאַכטן געוואָרן פאַרזאָטן...

און דערפאַר אינעם טאָל
הערסטו אָפּט, ווען מיר רוען באַם שײַטער,
ווי דאָס האַרץ פון דײַן פאָלק
קלאַפּט אין ברוכט פון דער ערד דער באַפרײַטער...

### ד. ס׳איז מײַנ פויערשע וועלט...

דו ב״סט, פעלד, מיר נ״ט פ״עמד,
איכ פלעג אויכ אינ שלאכט זיכ דערמאָנענ:
אינ א לײַנענעם העמד
כ׳גיי א באָרוועסער אומ אפ די האָנעס.

בא דעמ צײַטיקנ פעלד,
ווו די קאָסעס די קלינגענדע בלאנקענ,
דאָרט געהצלט האָט מײַנ וועלט,
ווענ געטרונקענ כ׳האָב זאפט פונ די זאנגענ.

כ׳פלעג אוועק צומ אינגול,
ווי א ווינט פלעג איכ לויפנ פונדאנענ,
ווו מ״ט בלימעלעכ פול
ליגנ רייצנדע רײַפע באשטאנעס.

אינ דעמ האָדענ פארדרייט
גרינע קאוועגעס יוירנ אונ וואקסנ,

אזוי ווײַט, אזוי ברייט
זײ בלענדן פון זוניקע שלאקסן.

ווײַטער הייבט זיך דאָרט אָן
בא דער טונקעלער מעושע די פּראָכע.
יעדער זאנג איז מיר באַ'נט,
גלײַך מײַן בלוט וואָלט אין איר דאָרט געפלאָסן.

און פאַרנאכט, ווען א פראָסט
פאלט אף הערעלעך גאָלד'נע פון זאנגען,
כ'האָב דאָס פעלד ניט פארלאָזט,
כ'בין אהיים ניט געגאנגען.

בא א וואָגן אין סטעפּ,
כ'פלעג מיט כעוורע צעפירן א פײַער,
און גערוט לעבן וועג,
אף דער ווארעמער ערד, אף דער פרײַער.

כ'איז דאָס ברויט מיר געווען
טויזנט מאָל נאָך אי ליבער, געשמאקער,
ווען פון ווײַט כ'פלעג דערזען,
ווי א וואָלקן, עס רוקט זיך א טראקטאָר.

ס'גייען שעפסן און קי
צו דעם טײַך פון דער בונטער ליוואדע,

סארא שעפע פֿון מי
טראָגט אין ווארעמע אײַטערס די סטאַדע!

ס'האָט געצײַטיקט דאָס פעלד
און געבענקט נאָך שניט פֿון דער קאָסע,
ס'איז מײַן פֿויערשע וועלט,
ווי דער מילכוועג אין הימל געפּלאָסן...

## ה. ס'איז די קווייט אפן שטיין...

אז די שטוב איז צעשטערט
און אן איינזאם ווינטעלע לויערט,
איז מ'ט ווערט ווער ער,
דער סאָלדאט, איצטער כיילן זיין טרויער?

ער וועט פרעגן באם רוים,
בא די זוניקע שטראלן-געוועבן:
ווי קאָן בליען דער בוים,
און די שוואלבן די שטילע נאָכ שוועבן,

אז זייןביימל—זיין קינד
האָט דער סוינע פארדאָרבן באם בליען
און געלאָזט מיטן ווינט
די פארבלוטיקטע בלעטעלעך פליען...

ער וועט פרעגן באם טוי,
עפשער זיינען זיי יענע קארעלן,
וואָס אמאָל בא זיין פרוי
פלעגן צארט אפן האלדז אירן קוועלן.

און געבליבן איז שטיין
דער כאָלדאַט און געזוכט זיך א רעטונג,
ווײַל די שוועל פון זײַן היים
איז אים שווער געווען איבערצוטרעטן.

נאָר דערזען האָט ער
ניט אף דר'ערד, אף א שטיין אף א הארטן,
אזוי קלאָר, ווי א טרער,
איז געוואקסן א קווייט אזא צארטע.

און געטראכט האָט ער זיך:
ווי ס'ווײַזט אויס, איז דאָס לעבן פיל שטארקער,
אויב די קווייט צו דער ליכט
רײַסט ארויס זיך דורך שטיינער דורך הארטע...

און עס האָט זיך געדאכט,
אז דערפילט האָט ערשט איצט דער באפרײַער,
ווי אין אים האָט דערוואכט
א באַרוף צו א לעבן א נײַעם.

ער וועט בויען א היים,
וואָס צו זון און צו הימל וועט שטרעבן.
ס'איז די קווייט אפן שטיין —
זײַן ווילן זײַן שטארקער צום לעבן...

## וו. אין דער נײַער שטוב

ס׳האָט דער הימל געבלויט
איבער הארבסטיקע גראָזן פארוועלקטע,
ווען א שטוב כ׳האָב געבויט
מיט פענצטער צו זוניקע וועלטן.

פון קאָלווירטישן הויף
מ׳האָט געבראכט א מאשין מיט ברעטער.
איז אוועק א געלויף,
און געזונגען די זעג ביז אין שפעט האָט.

ווי א פיקהאָלץ געקלאפט
האָט די האק בא דעם טעכען די שטאמען.
א שטיק נאכט כ׳האָב פארכאפט
באם שטעלן פון טירן די ראמען.

נאָך באטאָגיקן אָל,
אפן דיל כ׳האָב זיך צוגעלייגט שלאָפן.
כ׳האָב שלאָפן געוואָלט,
נאָר די אויגן געווען זײַנען אָפן.

און אזוי אין דער שטיל,
ווען א וואכער אפ דר׳ערד כ׳בין געלעגן.
האָט א נאכטישע גריל
גענומען די פינצטערניש זעגן.

ניט געשלאָפן אויך אים
האָט, ווייזט אויס, זיך אין נאכט אין דער שפעטער.
מיט זיין פייפנדער שטים
האָט ער איבערגעציילט אלע ברעטער,

די ברעטער פון דיל,
די שטיינער, אין ווענט וואָס פארמויערט,
גלייך געווען וואָלט דער גריל
ניט קיין גריל נאָר אן עמעסער בויער.

ער האָט איבערגעציילט
פונעם בוידעם די באלקנס און שטאמען,
וויפל ציגל פארלייגט
זיינען איצט אינעם נייעם פונדאמענט.

מיט א מענטשלעכ געפיל
אפ זיין זילבערנעם פייפעלע דינעם
האָט דער נאכטישער גריל
זיך פלוצלינג גענומען בארימען,

אז אויך ער איז פֿארליבט
אין דער שטוב, ווו עס שמעקט נאָך מיט סמאָלע.
יעדער זאַך איז אים ליב:
אי דער טיש אי די בענקלעך די שמאָלע.

און דערציילט אַף אַ קאָל,
אַז אַן אייניקל איז ער — אַן איידעס,
פֿונעם גריל, וואָס אַמאָל
האָט געזונגען פֿון נויט בא מײַן זיידע.

און כאָטש לאַנג יענער גריל
איז פֿארשוווּנדן דורך בלוטיקע ליידן,
וועט ער איצט ניט פֿון נויט,
נאָר דערציילן פֿון גליק און פֿון פֿריידן.

און אַזוי ביז באַגינ,
ביז די נאַכט איז געקומען צו ענד שוין,
האָט דער גריל אַלץ געזונגען
זי, די פֿרידלעכע מי פֿונעם מענטשן.

בא פֿארטאָגיקער שײַן
האָט ער שרײַען גענומען נאָך פֿרײַער:
ס'וועלן סימכעס נאָך זײַן
אָט אָ-דאָ אין דער שטוב אין דער נײַער...

## ז. פארוואָס שלאָפט זיך ניט דעם סאָלדאט?

פארוואָס שלאָפט זיך ניט אים,
דעם סאָלדאט, וואָס קומט פון בילכאָמע?
פארוואָס שלאָפט זיך ניט אים
און ס'איז אומרויִק נאָך זײַן נעשאָמע?

אָפגעהילכט האָט די שלאכט
און פארוואקסן אין פעלדער די ווייען,
און ער שלאָפט ניט בײנאכט,
ווי אַמאָל, אין די טיפע טראנשייען,

ווען געצויגן צוריק
דעם סאָלדאט האָט צום אקער, צו רויערד,
צווישן אומגליק און גליק
האָט געזונגען די קויל בײַ זײַן אויער.

ער האָט דעמאָלט געוואַקסט,
ווײַל געלויערט האָט טויט אפ די פעלדער,
ווײַל פון שלאַכט אין א שלאַכט
ער געשפּאַנט האָט אָן אָפּשטעל, דער זעלנער.

און אין הייסן געשלעג
ווען זײַן פּאָנעם באַלײַכט האָבן פלאַמען,
אָפּט פארגעסן ער פלעג,
אז א שלאָף אפ דער וועלט איז פאַראַנען.

נאָר פון צאָרן די שטים
האָט געטריבן אלץ ווײַטער און ווײַטער.
וואָס זשע שלאָפט זיך ניט אים,
דעם סאָלדאַט, וואָס קערט אום זיך פון שטרײַטן?

עפּשער טוט אים גאָר וויי,
וואָס מיט ווילד-גראָז פארוואָקסן די לאָנקע,
און ער הערט א געשריי
פון דער סטאַדע, וואָס געווען איז פארבלאָנקעט?

וואָס א שטיינדל נאָך פעלט
אפ צו אָנשלײַפן שאַרפער די קאָסע,
ווײַל דאָס היי אינעם פעלד
איז איצט האַרט פון לאַנגיאָריקער ראָסע.

וואָס מיט הויכנ בורקונ
איז דאָס גריקע-פעלד אלצ נאָכ פארהוילנ,
אונ פונ בינענ דער זשום —
אימ דערמאָנט נאָכ דאָס זשומענ פונ קוילנ.

קאָנ ער רוּיק דענ זײַנ,
ווענ פונ כורוועס די שטיינער נאָכ שטארצנ,
ווענ די פרייד איז מיט פּײַנ
נאָכ געמישט באמ סאָלדאט אינעמ הארצנ?

## ט. פענצטער

ווען פארטאָג האָט די זון
געטריבן פון פענצטער די שאָטנס,
האָט מיט זאטקײַט און רו
יעדער שויב אין דער שטוב שוין געאָטעמט.

פון די שטראלן באריירט,
האָבן טראָפּנס אַף ריין-גלאָז געפינקלט,
און געדוכט האָט זיך מיר:
ס'וועלן בגלד זיך די פענצטער צעזינגען.

יעדער פלאנקע און ראם
איז געווען אויסגעפארבט און געשליפן.
ווי א מעכטיקער שטאם
בין איך געשטאנען פארקישעפט.

און געקוקט, ווי צעהעלט
איז די זון בא דעם וואלד אופגעגאנגען

און באגריסט עס דאָס פעלד
מיט די גרינינקע שפּראָצן פון זאנגען.

ס'קומט די פרישקע שאָ,
ווען די זון שײַנט נאָך קיל און דערשראָקן,
נאָר איך ליכט איז שוין דאָ
אינעם וואסער פון העלן כטאוואָקל,

אבן עטוין, אפן בוים,
ווו עס הערשט נאָך באנאכטיקער שאָטן.
כאָטש עס ליגט אלץ אין טרוים,
ווי אין עפּעס א כאָלעם געראָטן.

בא דעם גאָרטן, לעם פלויט
איז די בין שוין געקומען צום בלימל.
בא א קעפּל פון קרויט
כאפּט א קירבעכל זופ זיך פון דרימל.

צו דער מאמעניו-זון
וועלן אלע זיך ציִען באלד לאָזן.
און געזונגענע ארום
האָבן שפּרינגערלעך שיינע אין גראָזן,

און געקלונגענע אזוי,
גלײַך מיט שטאָלענע העזערלעך דינע,

וואָלטנ זיי זיכ געבויט
אזא ווונדערלעכ-שיינע מעדינע.

פונ דער ליכטיקער מי
אופגעגאנגענ א טאָג איז א נייַער,
אונ מיט זאפט אונ מיט בלי
איז געלעגנ די ערד א געטרייַע.

כ׳בינ געשטאנענ, געקוקט
אפ די לעצטע צערונענע שאָטנס.
ווי מיט זאטקייַט אונ רו
האָבנ פענצטער אפ מיר דאָ געאָטעמט.

וויפל מאָל כ׳האָב געטראכט,
ווענ מילכאָמע געגאנ איז צו ענד שוינ,
איכ וועל קומענ פונ שלאכט
כ׳זאָל כאָטש טרעפנ איינ היימישנ פענצטער,

ווו א קלאפ טאָג אינ שויב
איכ וועל ציטעריק-שטיל אינ אנ אָוונט,
אָט דעם טרוימ, ווי א טויב,
האָב איכ טיפ אינ מייַנ הארצנ געכאָוועט.

נאָר אצינד, ווענ כ׳פארמאָג
א שטוב מיט פיל פענצטער באהעלטע,

ווי א פויער איך זאָג:
ס'האָט דאָס לעבן אויך טויזנטער פענצטער.

אָט אזוי יענעם פרי,
ווען אין זון האָט דער וואלד שוין געפלאקערט,
צו דער פרידלעכער מי
ס'ערשטע מאָל כ'בין אוועק צו דעם אקער.

איבער פריידפולער ערד
כ'האָב געשפאנט שוין מיט גליק א געבענטשטער.
ס'איז די וועלט מיר באשערט
זען דורך גרויסע און זוניקע פענצטער!..

## י. ס׳וועט אמאָל אינעמ פעלד...

וועג פארגיינ וועט אינ וועלט
דער שוידער פונ בלוטיקנ פלאקער,
וועט אמאָל אינעמ פעלד
גייג דער סאָלדאט נאָכנ אקער,

אפ דער זוניקער ערד
געפינענ א שטיינ בא די גארבנ.
נאָר דערזעענ וועט ער —
ס׳איז דער שטיינ גאָר א מענטשלעכער שארבנ.

וועט א שוידער דורכ אימ
אדורכ, ווי א ווינט אינ די קוסטנ...
ער וועט אופהייבנ אימ
אונ א קוק טאָנ אינ לעכער צוויי פוסטע,

אונ צומ שארבנ פארטראכט
מיט א ציטעריק קאָל וועט ער זאָגנ:

— פאר דײַן לעבן אין שלאכט
כ׳האָב, מײַן קינד, קעגן פײַנט זיך געשלאָגן.

און כאָטש טויט בינכט לאנג,
נאָר עס שוועבט נאָך ארום דאָ דײַן שאָטן.
כ׳פיל אין יעטווידער זאנג,
ווי ארײַנגעהויכט איז ער, דײַן אָטעם.

זען א פרײַע די ערד,
וועט ער זאָגן, ווײַזט אויס, ניט באשערט ליר.
גלײַך עס וואָלט זיי געהערט
אָט דער מענטשלעכער שטרבן די ווערטער.

און ער וועט שוין פארשטעמט
ניט צום שטרבן, צום אקער זיך ווענדן:
אזא צײַט איז געווען,
ניט זי אוף, ווי א וונדער־לעגענדע...

## ב. ווי דורך אַ גאָלדענעם טויער...

ווען אַרויס כ׳בין אין סטעפּ*
ס׳ערשטע מאָל נאָך דער גרויסער צעשיידונג,
האָט געדוכט—יעדער שטעג,
יעדער גרעזל וועט אָנהייבן ריידן.

ווי אַן ערדישער בוך
איז דאָס פעלד פאַר די אויגן געלעגן.
ווי אַ נעפּלשער טוך
האָט געזייט זיך אַ דריבנינקער רעגן.

ס׳האָט אַ נײַע די וועלט
זיך געשפּרייט אַזוי ברייט פאַר די אויגן,
ווען דערזען כ׳האָב אין פעלד
אויפגייענ אַ רעגנבויגן.

ס׳איז געוואָרן אַלץ שטיל,
גלײַך די ערד וואָלט פאַרהאַלטן דעם אָטעם,

און דער פויגל אין שפּיל
האָט פאַרלוירן אַפ דראָטן די באָטן.

און דער טײַך האָט זײַן לויף
אָפּגעשטעלט בײַ דעם דאָרפישן יישעוו.
ס'האָט די רעגנבויגן־רייף
אים מיט פאַרבן מיט זיבן פאַרקישעפט.

ס'האָט דער בוים ניט דערקענט
זײַנע צווײַגן אין לויטערן שפּיגל,
ס'האָבן כוואַליעס געבערענט,
און אין פלאַם האָבן בלעטער געוויגט זיך.

גלײַך ווי פּורפּורנער גאָלד
איז דער שטויב אַפ די וועגן געלעגן.
און געלאַכט האָט אין טאָל
די בעריאָזע דורך טרערן פון רעגן.

אַזוי דין אינעם רוים
האָט געציטערט דעם פאַסטעכלס האָרן.
ווי מײַן ליכטיקער טרוים
איז דאָס פעלד גלײַך ווי איבערגעבאָרן.

ס'האָט מײַן יעדער באַגער
געזונגען צום לעבן אַ ניגן.

ס'ווערט א פויגל — די ערד
אונ נעמט פאטשנ מיט ליכטיקע פליגל.

אונ ווי נאָר כ'האָב דערשפּירט,
אז מײַנ הארצ האָט דער פויגל געפאנגענ,
ס'גאנצע פעלד האָט אינ מיר
זיכ צעזונגענ מיט גראָזנ אונ זאנגענ.

אונטער רעגנבויגנ באהעלט
איכ, דער זינגער, דער זעלנער, דער פויער
צו מײַנ ליכטיקער וועלט
בינ געגאנ, ווי דורכ א גאָלדענעם טויער.

ס'האָט געפּײַט זיכ די ערד,
אונ דער פויגל געזונגענ האָט שטארקער:
ס'האָט פונ קריג זיכ געקערט
דער סאָלדאט צו דעם פעלד, צו דעם אקער!

קאַלינינדאָרף — מאסקווע.
יול — דעקאבער 1946

# אינהאלט



## מיר האָבן געשוואָרן!



## דײַן איינציק קינד



## מיט דײַן ליבשאַפט

## מיכ ציט צומ לעבנ



М. ГОЛБШТЕЙН

# С ВИНТОВКОЙ В РУКЕ


**Редактор** ***А. Кушниров..*** **Обложка художника** ***М. Аксельрода.***
**Технический редактор** ***М. Погостер.***

**А—0 214. Сдано в производство 22/IV-46 г. Подписано к печати 20/х-46 г. Печ. л. 4. Уч. изд. л 2,8. Тип. зн. в п. л. 76 800. Формат 60X92¹/₃₂. Тираж 4.000 экз. Заказ 241. Цена 2 р. 50 к.**

**13-я типография треста „Полиграфкнига" ОГИЗ'а при Совете Министров СССР, Москва, Денисовский пер., 30.**